# דרשות לבר מצוה

רייכע געדאַנקען, געפלאָכטען מיט
מאמרי חז"ל

— פון —

הרב הגאון ר"מ זאַלמאַנאָוויץ
(מו"צ בווילנא)

---

אין אידיש, ענגליש און העברעאיש

צוזאַמענגעשטעלט
מ. שטערן

---

הוצאת סטאַר היברו בוק קומפאני
58-54 קאנעל סטריט, ניו יארק
תרפ"ח

**Star Hebrew Book Co.**

**54-58 Canal Street New York**

---

*Printed in the United States of America*

# אינהאלט:

# תכן הדרשות

## חלק ראשון



## חלק שני (חקר הלכה)

# ערשטע דרשה.

מיינע ליבע פריינט!

היינטיקן טאָג ווערט מיר דערפילט דרייצן יאָר פון מיין געבורטס־טאָג. היינט ווערט מיר צוגעגעבן אַ נייער נאָמען ב ר מ צ ו ה. דאָס מיינט, אז פון היינט אָן ווער איך פאַר־רעכנט פאר א מיטגליד פון אונדזער פאָלק ישראל און נעם אויף זיך דעם לאַסט פון ת ו ר ה ו מ צ ו ת.

איך טו אָן אויף מיין אָרעם און מיין קאָפּ די תפלין; איך פיל מיך שטאָלץ מיט זיי און פריי מיך וואָס איך ווער אָנגערופן דורך די מצוה פון תפלין: אַ פאַרכטיקער איד צו גאָט און צו דעם געערטן פאָלק ישראל.

די תפלין, אין וועלכע עס געפינען זיך די פרשיות פון דער תורה: שמע ישראל און ואהבת, — לערנען אונדז, דאס מיר מוזן זיין שטענדיק איבערגעגעבן מיט דעם גאַנצן גייסט און זעלע און ליב האָבן אונדזער אלמעכטיקן שעפער, אָפּהיטן אַלע געבאָטן פון דער הייליקער תורה, וועלכע איז געגעבן געוואָרן אונדזער פאָלק.

די תפלין אויפ׳ן אָרעם און קאָפּ לערנען אונדז, אז אלע אונדזערע טאַטן (אפילו קערפערלאכע) און אַלע אונדזערע גע־דאנקן אין מח, מוזן זיין פארפליכטעט שטענדיק צום געטלאכן וואונטש.

דעם געדאַנק, דריקן אונדז אוים די חז״ל אויף דעם פסוק: וראו כל עמי הארץ כי שם ד׳ נקרא עליך ויראו ממך. תניא

## SPEECH I

My dear friends: This day is rounding out my thirteenth year since I was born. To-day a new name is being added to me—Bar Mitzvah—Son of the Commandment. It means: from this day onward I am to be considered a member of the people of Israel, and assume the burden of the Torah and its commandments.

I adorn my arm and my head with the phylacteries; I feel proud therewith and rejoice therein; because by the commandments concerning the phylacteries I am called a devoted Israelite to God and a member to the worthy people of Israel.

The phylacteries, wherein are engrossed the excerpts beginning with the words "Hear O Israel" and "Thou shalt Love," teach us, that we must constantly be devoted with mind and soul and give our full love to the Almighty Creator, and observe all of the commandments of the sacred Torah which was given to our people.

By placing the phylacteries upon the arm and head, we are instructed that all of our actions, both mental and physical, and all of our thoughts must ever be obedient to the Godly wish.

This thought is expressed by our sages of blessed memory! who, in commenting upon the Verse: "And all the peoples of the earth shall see that the name of the Lord is called upon thee; and they shall be afraid of thee," say: "We know traditionally that Rabbi Eliezer

ר׳ אליעזר אומר אלו תפלין שבראש (ד. ה. אז אַלע נאַציאָנען וועלן זען, אז אויף דיר י ש ר א ל, ווערט גערופן גאָטס נאָמען וועלן זיי פאָרכטן פאַר דיר — און דאָס איז די תפלין, וואָס אין קאָפּ) אייגענטלאך, האָט דאָך באַדאַרפט זיין די תפלין וואָס אויף ד ע ם קאָפּ? דער ריכטיקער געדאַנק פון דעם איז אָט וואָס: ווען אלע מחשבות און ט אַ ט ן, וואָס די תפלין לערנען אונדז, וועלן זיין איינגעוואָרצלט טיף אין קאָפּ, דאָס אידישע פאָלק וועט זיך אויסצייכענען מיט דער ריינער אמונה און גאָטס נאָמען וועט גערופן ווערן אויף יעדן אידן, דאן וועלן אלע פעלקער אנערקענען ווי געשעצט דאָס אידישע פאָלק איז, און זיי וועלן פאָרכטן פאר די אידן.

אַלזאָ, ליבע פריינט, געשעצט און געערט איז ביי מיר היינטיקער טאָג, אין וועלכן איך קען גערופן ווערן מיט דעם נאָמען איד, ווי אלע מיינע ברידער בני ישראל און מיט דעם שטאָלציר איך.

איך האָף פון היינט אָן אויף דעם גאנצן לויף פון מיין לעבן זיין איבערגעגעבן גאָט און דער פראכטפאָלער אידישער אמונה און דעם גאַנצן יודנטום.

ביי דער געלעגנהייט געפין איך מיין פליכט אויסדריקן אייך מיינע געטרייע און געליבטע עלטערן מיין דאנקבארקייט פאר די פיל גוטס וואָס איר האָט מיט מיר געטאָן פון מיין געבאָרן ביז היינטיקן טאָג.

דרייצן יאָר! וויפיל מי און צער האָט איר אויסגעליטן פון מיר ביז איר האָט מיך דערצויגן? וויפיל געלט האָט איר אויף מיר אויסגעגעבן די גאַנצע יאָרן? עס איז אוממעגלאך אלעם אויסצורעכענען, די גאנצע גוטס, וואָס איר האָט געטאָן ביז יעצט און זייט נאָך גרייט ווייטער צו טאָן. איך דריק

said: 'This refers to the phylactery in the head.'" In reality it should be said: "the phylactery upon the head," why then is it said "the phylactery in the head"? To teach us the true significance of the phylacteries. When all thoughts and actions which the phylacteries teach us to follow will be deeply rooted in the head, and when the Jewish nation will be distinguished by the purity of Faith, so that the name of God will be apparent upon every Jew, then all the peoples of the earth will recognize the worth of the Jewish people, as a result of which they shall be afraid of the Jews.

Moreover, dear friends, to me this day is worthy and honored, because on this day I am entitled to the name of Jew, like unto my brethren, the children of Israel, and with this name I am proud!

On this occasion I embrace the duty to express to you, my faithful and loving parents! my thanks for the great good you bestowed upon me from the day of my birth till this day.

Thirteen years! How much trouble and pain did you suffer on my account till you reared me! In these years, how vast was the amount of money I costed you! It is impossible to enumerate all the good you did to me till now, and the good you stand ready to do for me in the

אוים מיין הערצלאכן וואונטש, גאָט זאָל אייך געבן א גוטע און טיפע עלטער, איר זאָלט זען אלע אייערע קינדער, מיינע ברידער און שוועסטער, און מיך זעלבסט, באַצייכנט מיט תורה ומצות ויראת שמים, וואָס וועט מאַכן פרייען אייער הארץ.

און אייך אלע אנוועזנדע, מיינע ליבע פריינט, דריק איך אוים מיין הערצליכן דאַנק פאַר אייער אנטייל נעמען אין מיין שמחה און יום טוב. איך ווינטש אייך אלעמען איר זאָלט זוכה זיין זיך פרייען מיט דעם גליק פון אונדזער פאָלק ישראל, ווען עס וועט ליכטיק ווערן די גרויסע גלות פינסטערניש און מיר אַלע וועלן זיין אין אונדזער הייליקן לאנד, וועלכע וועט געהערן צו אונדזער הייליקן פאָלק אויף אייביק. אמן.

---

future. I, therefore, merely give words to my innermost wish and prayer. May God grant you a long and happy life, so that you may see the rest of your children, my brothers and sisters, as well as myself, adorned with the knowledge of the Torah, obedient to the commandments, and fearing Him Who sits in Heaven, by which your hearts will be full of joy. And to all of you who are assembled here, all dear friends of mine, I express my heartiest thanks for your participation in my joy and holiday. I wish you all to witness the sight when you shall share the joy when good fortune will overtake our people, the people of Israel; when light will chase away the darkness of exile; when we all will live undisturbed in our Holy Land, which remains forever the land of our sacred nation, Amen.

---

# צווייטע דרשה.

ווערטע געסט!

איר האָט זיך צוזאמענגעקליבן היינטיקן טאָג ביי מיינע עלטערן אין הויז צו פייערן דעם יום-טוב פון מיין בר-מצוה.

איך וויל אייך דאָ דערקלערן, אז איך ווייס די באדייטונג פון דעם יום טוב און וואָס דאָס מיינט פאר מיר. היינט ווערט מיר צוגעגעבן אַ נייער נאָמען בר-מצוה. היינט ווער איך באַצירט מיט תפלין אויף מיין קאָפּ און אויף מיין אָרעם, און פון היינט אָן ווער איך מחויב אָפּצוהיטן אַלע דינים פון אונדזער הייליגער תורה, און איך זאָג צו אָפּצוהיטן די תורה ומצות, וועלכע אונדזערע עלטערן האָבן גענומען אויף זיך.

באלד צוויי טויזנט יאָר, ווי מיר אידן וואַנדערן ארום אין פאַרשידענע לענדער, צווישן אַלערליי פעלקער האָבן מיר גע-וואוינט אין דעם דאָזיקן לאַנגן פעריאָד. אַ סך פון זיי האָבן אונדז געוואָלט אומברייינגען, פּארטיליקן אינגאַנצן אַזוי, אַז דער אידישער נאָמען זאָל אינגאַנצן אָפּגעמעקט ווערן פון דער גרויסער וועלט, אָבער אונדזער גאָט האָט אונדז געראַטעוועט און באַשיצט פון אַלע שלעכטע גזרות, מיט וועלכע אונדזערע פאַר-פאָלגער האָבן אונדז געדריקט. מיר זיינען איבערגעקומען אַלע שלעכטע צייטן און ביז היינט שטייען מיר, ווי די שטאַרקע פעלזן, פעסט און שטאַרק. אַלע רווישנדע ימים האָבן אונדז נישט געקענט דערטרינקען און די שלעכטע גזרות — נישט אומ-ברייינגען און נאָך מער, אין אַלע פינסטערע צייטן וואָס מיר האָבן געהאַט, האָבן מיר נאָך אַלעמען געוויזן די ליכט פון אונ-דזער תורה און וואונדערלאַכע אמונה. אַלע פעלקער זאָלן זיך פון אונדז לערנען.

## SPEECH II

Worthy guests: You are this day assembled in the house of my parents to celebrate the holiday of my Bar Mitzvah.

I wish to declare to you that I know the meaning of this holiday, and what it means to me. To-day a new name is added to me—Bar Mitzvah. To-day I become adorned with phylacteries upon my head and on my arm, and from this day onward I stand obligated to observe all the laws of our sacred Torah. And, I now promise to observe the Torah and the commandments which our fathers received and obliged themselves to keep.

Almost two thousand years since we Jews wander around in different countries. During that long period we lived among all kinds of peoples. Many of them wanted to destroy us, to blot out the Jewish name completely from off the face of the earth. But our God saved us, and shielded us against all evil devices by which our oppressors haunted us. We overcame all evil times, and till this day we stand, even as a mighty rock, firm and strong. All roaring seas could not drown us, and the evil decrees could not wipe us out. On the contrary, in all dark ages which we had to go through, we not only blazed our own trail, but even served as a beacon of light for others by showing them the light of our Torah and wonderful religion.

די איניגע ווערטער, וועלכע זיינען איינגעפאסט אין די תפלין: למען תהיה תורת ד' בפיך (עס זאָל זיין גאָטס לערע אין דיין מויל) איז פאר אונדז אַ ליכטיקע דערשיינונג, ווי מיר אידן זאָלן זיך פירן און אָנגיין מיט אונדזער אַרט לעבן אין די גלות-לענדער צווישן די פארשידענע פעלקער, ווי מיר זאָלן ליב האָבן: אמת, צדק, אהבה ושלוה, טאָן גוטס איינער מיט דעם אַנדערן, ליב האָבן דעם גר און שטיצן דעם געדריקטן. די תורה איז אונדזער קוועלע פון לעבן שטענדיק; איר פאָן טראָגן מיר ארום מיט שטאָלץ און האָבן זיך מקריב געווען פאַר איר אין אלע שלעכטע צייטן, ווען אונדזערע פארפאָלגער האָבן געוואָלט אונדז אָפּווענדן און שטערן אין דער תורה ומצות.

טראָץ די אַלע גזירות און פארפאָלגונגען, זיינען מיר דאָך געבליבן פעסט אין אונדזער גלויבן און היטן ביז היינט די תורה און מצות און דער נאָמען אידישע פאָלק איז פארבליבן גאַנץ און שטארק ביז היינטיקן טאָג.

עס פרייט מיר מיין הארץ, וואָס איך קען זיך פון היינטיקן טאָג און ווייטער רעכענען אַלס אַ מיטגליד פון אידישן פאָלק און טראָגן צוזאמען די אידישע אלטע פאָן, אָפּצוהיטן אַלע הייליגקייטן, וואָס מיר זיינען פארפליכטעט אַלס אידן.

איך געפין אויך פאר מיין חוב צו דאַנקן אייך, מיינע טרייע עלטערן, וואָס איר האָט איינגעפלאַנצט אין מיין הארצן גוטע און פעסטע ווארצלען פון גוטע זיטן. איר האָט מיך געלערנט די גלייכע און רעכטע וועג פון אונדזער אמונה. איך דאַנק אייך ליבע עלטערן פאר די גוטס וואָס איר האָט געטאָן מיט מיר די גאַנצע 13 יאָר. מיט וואָס קען איך אייך אָפּצאָלן פאר די טובות?

דער איינציקער אָפּצאָל קען זיין נאָר דער צוזאָג, אַז אייער

The part of the Verse, which is engrossed in the phylacteries, saying: "That the law of the Lord may be in thy mouth," is to us an apperation of glory, a beam to lighten our path which we must follow, and the kind of life which we must lead in the lands of exile among the different nations, a pillar of flame pointing us the treasure wherein to discover the love for truth, righteousness, tranquility and charity to one another, love for the stranger and protection for the oppressed. The Torah is ever a fountain of life to us. Its banner we carry with pride, and in all evil times we sacrificed our lives for it, even when our pursuers wanted to turn us away and prevent us from observing its commandments.

Notwithstanding all evil decrees and persecutions we remained strong in our belief, and even till this day we observe the Torah and its commandments, and the name of the Jewish people continues to be sound and powerful.

My heart rejoices in the knowledge that I may, from this day onward, count myself a member of the Jewish people and be entitled to assist in carrying the ancient banner, to observe everything sacred to us and to carry out our obligations as Jews.

I find that one of my obligations is to pay to you, my dear parents, a debt of gratitude; to thank you for having planted in my heart sound and strong roots of good tendencies. You taught me the straight and right path of our religion. I thank you, dear parents, for the good you did to me these thirteen years. How, and wherewith can I make compensation to you in return for all this good?

Indeed, the only compensation possible for me to

מי וועט נישט זיין אומזיסט. איר וועט מיט פרייד שניידן די פרוכט, וועלכע איר האָט פאַרזייט אין מיין הארץ. גאָט זאָל אייך געבן אַ טיפן עלטער, איר זאָלט האָבן פיל נחת פון אַלע אייערע קינדער און פון מיר ז ע ל ב ם ט, אייער זון, וועלכער שטייט יעצט פאַר אייך און דריקט אייך אויס זיין הערצלאַכן דאַנק.

און איר, פיל געעהרטע געסט, איך הויב אויף אַ כוס ברכה פאַר אייך. איך דאַנק אייך זייער פיל, וואָס איר האָט באַערט מיינע עלטערן און מיך, ביים צוזאַמענקומען און מיט׳ן נעמען אן אנטייל אין מיין יום טוב. איך ווינטש אייך געזונט, לאַנגע יאָר, גליק מיט פרייד, צו זען נחת פון אייערע קינדער.

מיר אלע זאָלן זוכה זיין זען דעם גליק פון אונדזער פאָלק. מיר זאָלן זיך אומקערן אין אונדזער הייליקן לאַנד, דאָרט וואוינען בגילה וכבוד צוזאַמען מיט אַלע אויפגעקליבענע אידן. אמן.

make is, my promise that your efforts will not have been in vain. You will reap the fruit with joy. The roots which you planted in my heart will bring a good harvest to make you rejoice. May God grant you long life, and give you the joy of seeing the happiness of all of your children including myself, your son, who now stands before you and expresses his heartfelt thanks to you.

And to you, much honored guests, I rise and lift a cup of blessings in your honor. I thank you overmuch for the honor you have bestowed upon my parents and myself in coming here to share in my holiday. I wish you health, long life, good luck and joy; and may you derive happiness by seeing your children happy.

May we all live to see the good fortune of our people, to witness our return to our Holy Land, there to live in happiness and honor, united with all the gathered Jews, Amen.

---

# דריטע דרשה.

טרייע עלטערן און ווערטע געסט!

אזוי ווי היינטיקן טאָג ווערט מיר דערפילט דרייצן יאָר און איך רוף זיך בר מצוה, און איר ליבע עלטערן, האָט היינט פאַרברייטעט פון מיינטוועגן א שיינע פּאַרטי און צוזאַמענגערופן אַלע געסט, געפין איך פאר מיין פליכט, אויסצודריקן אין אייניקע ווערטער די באַדייטונג פון היינטיקן טאָג אין מיין לעבן, און וואָס דאָס אָנטאָן פון די תפלין מיינט פאר מיר.

אינוויינים, אין די תפילן, געפינען זיך אייניקע פרשיות פון דער תורה, וועלכע לערנען אונדז:

א. ליב האָבן דעם אלמעכטיקן שעפער;

ב. היטן אַלע מצות פון דער תורה;

ג. געדיינקען די באַפרייאונג פון מצרים;

ד. די גרויסע נסים וואָס די אידן האָבן געזען אין מצרים.

אָט די אַלע זאַכן דאַרף יעדער איד גוט באַטראַכטן און געדיינקען ווען ער טראָגט די תפלין אויף זיין אָרעם און אויף זיין קאָפּ. יעדער איד טאָר די גאנצע צייט, וואָס די תפלין געפינען זיך אויף אים, נישט פארטראכטן זיך אפילו אויף אַ רגע. דאמאָלט דארפן דערוועקט ווערן אין דעם מענטשן ריינע מחשבות, וועלכע זאָלען ברייגגען צו דעם, אַז דער מענטש ווערט איבערגעגעבן צו אָפּהיטן די תורה ומצות און אַלע הייליקייטן, וואָס זיינען טייער דעם אידישן פאָלק.

## SPEECH III

Dear parents and worthy guests: As on this day I have rounded out fully thirteen years and call myself Bar Mitzvah, and as you, dear parents, have this day prepared a beautiful party in my honor, and called together all these guests, I find it as my first duty to express to you a few words regarding the significance of this day in my life, and what the putting-on of the phylacteries means to me.

Encased within the phylacteries are a few excerpts of the Torah, which teach us: (a) To love the Almighty Creator; (b) To observe all of the commandments of the Torah; (c) To remember the liberation of Israel from Egyptian bondage; (d) To know of the great miracles which the Israelites saw in Egypt.

Concerning all of these matters every individual Jew should reflect and remember when he puts the phylacteries on his arm and upon his head. Every Jew, as long as the phylacteries remain on his head and arm, is forbidden to divert his mind from them even an instant. For, then, only pure thoughts should be awakened, thoughts which will bring about the devotion necessary for the observance of the Torah and the commandments, and of all things sacred which are dear to the Jewish people.

אין דעם געדאַנק דריקן זיך אוים די חכמים זכרונם לברכה (חז"ל) חיב אדם למשמש בתפלין בכל שעה ושעה. (יעדער איד מוז טאַפּן מיט די הענט די תפלין יעדע מינוט ווען זיי זיינען אויף אים) שלא יסיח את דעתו מהם (ער זאָל נישט פאַרגעסן אָן זיי אפילו איין רגע). משום שיש בהם אזכרות הרבה מדכר דכיר להו) (ווייל אין די תפלין זיינען פאַראַן שמות הקודש, וועט ער זיי געדיינקען).

מיט דעם וואָס דער איד טאַפּט אָן די תפלין יעדע רגע און באַטראַכט גוט וואָס אין די תפלין געפינט זיך, און וואָס זיי לערנען אונדז, וועט ער געוויס נישט פאַרגעסן די הייליקייט פון די תפלין און וועט זיך דערמאַנען די שמות הקודש, וועלכע זיינען אין די תפלין און ער וועט האַלטן די מצוה הייליק.

אַלזאָ, ווען איך זעלבסט האָב דערלעבט צו אָנטאָן אויף זיך די תפלין אויף מיין אָרעם און מיין קאָפּ און בין באַרופן געוואָרן מיט דעם נאָמען בר מצוה, וואָס איך ווער מחויב נעמען אויף זיך דעם לאַסט פון תורה ומצות אַזוי ווי אַלע מיינע אידישע חברים, — רעכן איך זיך גליקלאַך, שטאָלציר מיט מיין נאָמען איד, מיט מיין פאָלק ישראל און מיט אונדזער הייליקע תורה, וועלכע האָט באַלויכטן אַלע פעלקער פון דער גאַנצער וועלט מיט איר וואונדערלאַכע ליכטיקייט און ריינע זיטן.

כאָטש איך בין נאָך יונג, דאָך פיל איך איצט גוט, אַז איך מוז מיר פון היינטיקן טאָג אָן און ווייטער פאַרבאַרייטן צו גיין אין דעם ריכטיקן וועג פון תורה ואמונה, איך זאָל ווערט זיין דעם נאָמען א י ד, און כאָטש איך האָב נאָך ווייניק פאַרשטאַנד אין די וויכטיקייט פון אידנטום, דאָך בין איך פול מיט האָפנונג, אַז מיט דער הילף פון מיינע ליבע עלטערן וועלכע זיינען גרייט מיך ווי ביז יעצט בילדן און לערנען, וועל איך

In a like manner the sages of blessed memory express themselves in the Talmud: "A man is obliged to feel the phylacteries each and every moment they are upon his head and arm, so that his mind be not diverted from them; and because in them are many Sacred Names, he will remember them."

By feeling the phylacteries every moment, and by reflecting well and truly what the phylacteries contain, and what they teach us, the Jew will not forget the holiness of the phylacteries, and be reminded of the Sacred Names which are written in them, as a result of which he will keep this commandment in sacredness.

Now, since I lived to put the phylacteries upon my head and on my arm, and be called Bar Mitzvah, thereby becoming alike with the rest of my Jewish brethren a carrier of the burden of the Torah and the Commandments, I consider myself fortunate, and bear my name Jew with pride, and feel proud of my people Israel and of our sacred Torah, which enlightened with its wonderful light and pure tendencies all the nations of the whole world.

Although I am still tender in years, yet do I now know full well that from this day onward I must prepare myself to follow in the right path of the Torah and our religion in order to be worthy of the name Jew; and although I still lack the ability to sense the importance of Judaism, yet am I now full of hope that with the aid of my dear parents, who are ready, as they were till now, to give me the necessary education and learning, I will

דערגרייכן צו אַ הויכע מדרגה און פֿאָרשטיין און וויסן די הייליקע אידישע אוצרות, וועלכע האָבן געלערנט דער גאַנצער וועלט ווי זיך צו פירן אום צו לעבן א ריינעם שיינעם לעבן.

דעריבער, מיינע ליבע עלטערן, בין איך אימשטאַנד אויסצודריקן מיין דאנקבארקייט פאַר אייער טרייען ביז יעצט און אייער גוטן ווילן נאָך ווייטער מיט מיר גוטס טאָן.

איך בעט ביי גאָט פאַר אייך א טיפן עלטער, איר זאָלט דערלעבן נחת פון אַלע אייערע קינדער, מיינע ליבע ברידער און שוועסטער און פון מיר זעלבסט, וואָס שטייט יעצט פאַר אייך איבערפולט מיט שמחה אין דעם גרויסן יום־טוב פון מיין לעבן — אין דעם טאָג פון מיין בר מצוה.

איך בין אויך זייער פיל דאנקבאַר אייך מיינע ליבע געסט, וועלכע געפינען זיך דאָ און מיך באַערט מיט אייער אנטייל נעמען אין מיין שמחה.

איך ווינטש אייך צו זען נחת פון אייערע קינדער, מיר אַלע זאָלן זען דעם גליק פון אונדזער פאָלק אויף אונדזער הייליקן לאנד.

reach the high degree to understand and know the sacredness of the Jewish treasures out of which the whole world took instruction in proper conduct so as to know how to live a clean and becoming life.

I am, therefore, impelled to express to you, my dear parents, my gratitude for your endeavors till now, and for your good will to do good to me in the future.

I pray to God to grant you long life, so that you will live to rejoice in the happiness of all of your children, my dear sisters and brothers, and in that of my own. I pray to God that He grant it be so, standing as I now do filled with joy on this great holiday of my life, on the day of my Bar Mitzvah.

I am likewise very much thankful to my dear guests, who are here, for having honored me by sharing in my joy.

I wish you all to live to see the happiness of your children, and I wish that we all should live to see the good fortune of our people in our Holy Land, Amen.

# פערטע דרשה.

טייערע עלטערן און געשעצטע געמיינדע!

מיט האפנונג אין הארצן, מיט פרייד אויפ'ן פנים, מיט א שמייכל אויף די ליפן און מיט גרויס רעספעקט צו מיינע פליכטן, שטיי איך היינט דא צום ערשטן מאל אלס נייער פאר־אנטווארטלאכער מיטגליד פון אידישן פאלק. איך בין שטאלץ, וואס פון היינט אן און ווייטער בין איך א ציגל צו דער גרויסער הייליקער געביידע, וואס הייסט אידנטום.

איך בין היינט דרייצן יאר אלט. איך בין בר מצוה. דאס הייסט, אז פון יעצט אן געהער איך צו דער ארמיי פון גאט. איך בין א סאלדאט פון פרידן, ווייל דער פונדאמענט פון דער אידישער רעליגיאן איז נאר „חסד ואמת נפגשו, צדק ושלום נשקו". דאס הייסט, צוזאמענשמעלצן גוטהערציקייט מיט ווארהייט און יושר מיט פרידן. פון יעצט אן בין איך בארעכטיקט צו טראגן די תפלין, די סימבאלישע צירונג פון אידנטום. מיט די דעקארייישאן פון אל שדי טרעט איך אריין אפיציעל אין די רייען פון מיין פאלק און איך פארשפרעך צו ערן מיין גאט, מיינע עלטערן, מיינע לערער, מיין נאציאן. די שטימע פון מיין געוויסן זאגט מיר „חזק ואמץ", שטארק זיך צו זיין א פאל־שטענדיקער איד צו גאט און צו לייט.

אלמעכטיקער גאט! איך וויים אז איך בין צו יונג צו קע־נען אפשאצן די טייערע ווערטן פון די לעבעדיקע בריליאנטן, וואס דו האסט אונדז געגעבן בירושה און וואס מיר האבן מיט־געפירט אין די לאנגע נעכט פון גלות. איך וויים אויך, אז איך בין צו קליין צו שטיין דא און ריידן פאר אזא גרויסארטיקן עולם וועגן די פליכטן פון אידישקייט. איך שטיץ מיך אבער אויף די ווערטער פון תהלים „מפי עוללים ויונקים יסדת עז."

## SPEECH IV

My dear parents and worthy congregation: With hope in my heart, joy upon my countenance, a smile upon my lips and great reverence to my duties, I stand here to-day for the first time in my life as a responsible member of the Jewish nation. I am proud in the knowledge that from this day onward I am a brick in the great structure which is called Judaism.

I am to-day thirteen years old. I am Bar Mitzvah. That means that from now onward I belong to the army of God. I am a soldier of peace, because the foundation of the Jewish religion is based solely upon the Verse, saying: "Mercy and truth are met together; righteousness and peace have kissed each other." This teaches us that Judaism is a consolidation of mercy and truth, righteousness and peace. From now onward I am entitled to put on phylacteries, the symbolic ornaments of Judaism. With the decoration of Almighty God I enter the ranks of my people officially, and I promise to honor my God, my parents, my teachers, my nation. The voice of my consciousness tells me "Be strong and of good courage." Be strong to be a full-pledged Jew, to God and mankind.

Almighty God! I know that I am too young to be able to put the right value upon the everlasting jewels which Thou hast given unto us as an heritage, and which we have carried along with us during the long nights of exile. I also know that I am too small to stand here and speak to such distinguished audience concerning the duties of Judaism. But I lean upon the words of the Psalmist who says: "Out of the mouth of babes and sucklings hast Thou founded strength"; which the sages of the

דאביי האָבן אונדזערע חכמים ערקלערט „אין עוז אלא תורה“.

די קלענסטע קינדער דאַרפן באקענט ווערן עטוואס מיט די לערע פון אידנטום, וואָס איז אונדזער פאנצער, אונדזער נשמה און אונדזער געטלאכער אוצר.

איך טו טיף אויסקריצן אין מיין זעלע די ווערטער פון קהלת: „זכור את בוראך בימי בחורותך“ — געדיינק דיין הימלישן באַשעפער, ווען דו ביסט נאָך גאַנץ יונג.

היינט צו מיין בר־מצוה בעט איך גאָט ער זאָל מיר געבן כח און קראפט, מוט און ווילן צו גיין אין ריכטיקן וועג, אום איך זאָל קענען דערפילן מיינע פליכטן אַלס איד און אַלס ביר־גער פון לאַנד.

און אייך, מיינע ליבע עלטערן, דו מיין האַרצנס־געליבטע מוטער און טייערער פאָטער, וואו נעם איך ווערטער אויס־צודריקן מיין דאנקבאַרקייט צו אייך פאַר אַלעס, וואָס איר האָט מיט מיר געטאָן פון דעם טאָג וואָס איך האָב באַגריסט די זון ביז׳ן היינטיקן טאָג? — ווי אַזוי קען איך אָפדאנקן פאר אייער ליבלאכער באַהאַנדלונג מיט מיר? שלמה החכם זאָגט אין משלי „בן חכם ישמח אב ובן כסיל תוגת אמו“ — דער קלוגער זון דערפרייט דעם פאָטער און דער נאַרישער זון ברייגנט טרויער זיין מוטער“. איך וועל מיר געבן די מי, טייערסטע עלטערן, אייך צו פארשאפן אימער נחת און איך צווייפל ניט אַז גאָט וועט אייך בעלוינען מיט לאַנגע יאָרן, געזונט, גליק און נחמה פון אַלע אייערע קינדער.

דאָס איז מיין האָפנונג, דאָס איז מיין געבעט, דאָס איז מיין ברכה און מיין וואונש לכבוד מיין בר מצוה.

און צו אייך, ווערטע פאַרזאמלונג, וואָס איר זייט געקומען באַשיינען מיין בר מצוה, ווינטש איך: „ד׳ יברך את עמו בשלום.“

Talmud interpreted to mean that out of the mouth of babes and sucklings God founded the Torah, which is the sole meaning of strength referred to by the Psalmist. Indeed, the smallest children should know something of the teachings of Judaism, which is our shield, our soul and our Godly treasure.

I do indite deep in my soul the words of Ecclesiastes, saying: "Now remember thy Creator in the days of thy youth."

To-day, on the occasion of my Bar Mitzvah, I pray to God, to give me strength and fortitude, courage and will-power to follow the right path, so that I be able to carry out my duties as a Jew and as a citizen of the land.

As for you, my dear parents, where can I obtain words to express to you my thanks for everything you did for me from the day I first greeted the sun till this day? How can I return thanks for your loving care? Solomon the Wise says in Proverbs: "A wise man maketh a glad father; but a foolish son is the grief of his mother." I will strive, my dearest parents, to bring you only gladness, and I doubt not that God will reward you with long life, health, good luck and comfort from all of your children.

Such is my hope, my prayer, such is my blessing and my wish wherewith to glorify my Bar Mitzvah.

And to you, worthy assembly, who gathered here to adorn my Bar Mitzvah, my wish is: May God bless His people with peace, Amen.

---

## פינפטע דרשה.

געערטע פארזאמלונג!

איידער איך גיי זאָגן עטלאכע ווערטער אין דער אנגע־לעגנהייט פון היינטיקן טאָג און זיין באַדייטונג פאר מיר, דריק איך אייך אוים, ווערטע פאַרזאַמלטע, מיין דאַנק פון טיפן הארצן פאַר די ערע און פריינדשאַפט וועלכע איר האָט געוויזן מיינע ליבע עלטערן און מיר מיט׳ן אנטייל נעמען אין אונדזער פאַמיליע יום־טוב.

איך בין היינט דרייצן יאָר אלט — בר מצוה.
איך גיי היינט אַריבער דעם גרענעץ פון מיין קינדערשן לעבנס־פעריאָד און טרעט אַריין אין אַן ערנסטן, זייער וויכטיקן פעריאָד, וועלכער לייגט די פאַראנטוואָרטלאכקייט פון מיינע טאַטן אויף מיר אליין און שוין נישט מער אויף מיינע ליבע עלטערן.

און טאַקע איצט, ביים גרענעץ, שיידנדיק זיך מיט מיין קינדהייט, געפין איך אלס מיין פליכט צו באַדאַנקען אייך, מיינע ליבע עלטערן, וואָס איר האָט מיך דערצויגן און ביז דעם גרע־נעץ געבראַכט. מיט וואָס קען איך אָבער אויסדריקן דעם דאַנק? מיט וואָס ליבע עלטערן קען איך באַצאָלן פאַר אלעם גוטעם וואס איר האָט מיט מיר געטאָן? און געטאָן האָט איר דאָך אַזוי פיל: איר האָט געציטערט פאר מיין געזונט און גע־זאָרגט פאַר מיין גייסטיקער און קערפערליכער ענטוויקלונג.

נעמט אָן, ליבע עלטערן, די אמת׳ע און הייליקע געפילן פון דאנקבארקייט און ערע צו אייך מיט וועלכע מיין הארץ איז פול. יעצט ווער איך שוין אַ מענטש פון פאראַנטוואָרט־לאַכקייט. איך פארשפרעך אייך ליבע עלטערן אין געגנווארט

## SPEECH V

Worthy assembly: Before I am going to say a few words in reference to the occasion of the day, and its significance to me, I express to you, worthy assembly, my heartfelt thanks for the honor and friendship which you have shown to my dear parents and myself by participating in our family holiday.

I am to-day thirteen years old—Bar Mitzvah.

To-day I cross the border of childhood and enter into a serious, and very important period of my life, a period which places the responsibility of my actions upon my own shoulders, and takes that responsibility away from my father, or, rather, from my parents.

And, even now, while standing at this bourne, bidding farewell to my childhood, I discover my duty to thank you, my dear parents, for having reared me and brought me to this boundary. But wherewith may I express to you my thanks? What compensation can I offer to you for all the good you have done for me? Moreover, you did so much for me! You were anxious over my health, and worried yourselves over my mental and physical development.

Accept, dear parents, the true and sacred feelings of gratitude and honor with which my heart is full for you. I am now becoming a man of responsibilities. I promise you, dear parents, in the presence of all these friends who

פון די אַלע פריינט, וואָס זיינען דאָ פארזאַמלט, דאס איך וועל אימער טאָן אייער וואונטש; איך וועל אימער גיין אין דעם גלייכן און גוטן וועג, וועלכן איר און מיינע גוטע לערער האָבן מיר אָנגעצייגט. איך וועל פארבלייבן אַ טרייער זון צו אייך און אַ טרייער מיטגליד פון אונדזער פאָלק. מיינע טאַטן זאָלן אי־מער גוט און אנשטענדיק זיין אלס איד און מענטש.

דאָס, האָף איך, וועט זיין פאַר אייך אַ ריכטיקע באַצאָלונג לויט אייער וואונטש — צו זען אייערע קינדער אמת׳ע אידן און אָרענטלאכע מענטשן.

are here assembled, that I will always carry out your wishes; that I will always follow the straight and righteous path, which you, my good parents, pointed out to me. I will remain a true son to you, and a faithful member of our people. My actions shall always be good and respectable, both as a Jew and as a man. This, I hope, will be to you a proper compensation—to see your children true as Jews and respectable as men. Amen.

---

## זעקסטע דרשה.

ליבע עלטערן און ווערטע געסט!

היינטיקער טאָג איז מיר ליב און טייער. היינטיקער טאָג ווערט איינגעקריצט אין מיינע געדאַנקען אויף מיין גאַנצן לעבן; היינטיקן טאָג ווערט מיר דערפילט דרייצן יאָר פון מיין געבוירן. פון איצט אָן ווער איך פאררעכנט בר מצוה. איך ווער פאַרפליכטעט צו היטן די תורה ומצות און ווערן באַצייכנט מיט'ן נאָמען איד, ווי אלע מיינע חברים פון פאָלק. פון היינטיקן טאָג אָן טו איך אָן די תפלין אויף דעם אָרעם און אויף דעם קאָפּ, דורך וואָס עס ווערט אויסגעדריקט די מ צ ו ה פון תפלין מיט איר הויכע באַדייטונג.

איך נעם מיר דעם מוט, מיט דער דערלויבניש פון מיינע ליבע עלטערן און אלע געסט וואָס זיינען אנוועזנט, אויסצודריקן אייניגע ווערטער, וועלכע זיינען באדייטנד צו דער מצוה פון תפלין.

די תפלין, מיט וועלכע מיר באצירן דעם קאָפּ און אָרעם קעגן דעם מח און קעגן די הארץ, וואָס אין די צוויי ערטער געפינט זיך דער שכל פון מענטשן, — לערנען אונדז, אַז אַלע אונדזערע קערפּערלאכע טאַטן און אונדזערע גייסטיקע געדאַנקען דאַרפן זיין נאָר איבערגעגעבן צום געטלאַכן וואונטש אָפּצוהיטן די תורה ומצות.

יעדער גאָטספאַרכטיקער איד מוז דאָס אלעם גוט באַטראַכטן אין דער צייט וואָס די תפלין ליגן אויף דעם אָרעם און אויף דעם קאָפּ. יעדער איד מוז זיין פאַרפליכטעט צו מקיים זיין די וויכטיקע מצוה פון „תפלין“. אין אַלע שווערע

## SPEECH VI

Dear parents and worthy guests: This day is dear and loving to me. This day becomes indented in my thoughts and will remain with me throughout my life; this day I rounded out fully thirteen years since my birth. From now and onward I will be considered Bar Mitzvah. I become in duty bound to observe the Torah and its commandments, and will henceforth be designated by the name Jew, like unto all of my brethren of my people. From this day onward, I am to put on the phylacteries on my arm and upon my head, by which the commandment concerning phylacteries and its exalted meaning finds expression.

With the permission of my dear parents and all guests here assembled, I take courage to express a few words which are relevant to the commandment concerning phylacteries.

The phylacteries, with which we adorn the head and the arm, opposite the brain and the heart, the dual seats of human intelligence, teach us that all of our physical actions and mental thoughts should be subject to the Godly wish of observing the Torah and its commandments.

Every God-fearing Jew must reflect concerning this at the time when the phylacteries are on his arm and upon his head. Every Jew must be obligated to fulfil the commandment concerning phylacteries. In all times

צייטן, ווען אונדזערע שונאים באַמיען זיך אונדז אָפּוועגדן פון תורה ומצות, מוזן מיר זיך אָפּפערן פאר די הייליקייט און ליידן זאַגאר פיל יסורים, אַבי נאָר צו פארבלייבן מיט די טראַדיציעס פון אידישקייט.

אַזאַ קלאָרן און באַדייטענדן בילד וואָס אנבעלאַנגט צו דער מצוה פון תפלין און גזירת השמד שילדערן אונדזערע חכמים פון תלמוד, אין פאָלגנדעס :

ס'האָט אַמאָל געטראָפן אין פריערדיקע דורות, אַז די רע־גירונג האָט אַרויסגעלאָזן אַ באַפעל, אַז יעדער איד, וואָס וועט אָנטאָן תפלין זאָל מען ביי אים ארויסציען דעם מאַרך פון קאָפּ לעבעדיקערהייט (ווייל די תפלין לייגט מען אויפ'ן קאָפּ, וואו דער מארך געפינט זיך).

געוויינלאך, די פרומע אידן האָבן זייער פיל געליטן, וואָס זיי קענען נישט מקיים זיין אַזאַ גרויסע מצוה פון תפלין. מ'האָט מורא געהאט טראָגן תפלין אפילו באהאלטענערהייט, ווייל מ'איז נאָכגעשפּיאָנירט געוואָרן און מ'האָט געציטערט פאַר דער גרויסער שטראָף.

גראדע אין יענער שווערער צייט האָט זיך געפונען אַ איד אלישע (בעל כנפים) וועלכער האָט נישט געקענט צוזען דעם גרויסן צער פון זיינע עלנדע ברידער, וואָס קענען נישט אָפּ־היטן די מצוה פון תפלין און ער האָט געוואָלט ווייזן פאַר זיינע ברידער, אַז ער האָט קיין מורא נישט אין אזא סכנה. וואָס האָט ער געטאָן? — ער האָט זיך נישט באַנוגנט וואָס ער האָט אָנ־געטאָן די תפלין ביי זיך אין הויז, נאָר ער האָט אויך געטראָגן די תפלין עפנטלאך. ער איז אזוי אָנגעטאָן מיט די תפלין אַרוים אין גאַס, ווייזן פאר זיינע איבעריקע אידן, ווי טייער ביי אים איז די מצוה פון תפלין, און אז ער איז געגרייט זיך מוסר נפש

of distress, when our enemies are trying to turn us away from the Torah and its commandments, we must sacrifice ourselves for the sacredness thereof, and suffer even much pain, in order to remain true to the traditions of Judaism.

As an illustration, which brings home a clear and significant picture, with particular reference to decrees against phylacteries, our sages of the Talmud have this to tell:

In an ancient generation a wicked government issued a decree that every Jew who will put on phylacteries shall have his brain torn out while alive.

The pious Jews, naturally, suffered much because they could not fulfill the commandment concerning phylacteries. It was impossible to put on the phylacteries even in secret, because of the system of espionage which had been established, and the fear of the terrible punishment had its effect.

About that time there lived in that country a Jew named Elisha the Winged, who could not countenance the pain of his defenseless brethren in not being able to fulfil the commandment concerning phylacteries and, desiring to show his brethren that he was fearless even in the face of such a danger, he not only put on the phylacteries in his own house, but he even had them on openly. And, in order to set an example to his brethren that the commandment shall not be abolished even when life itself is

זיין דערפאר, כדי אויף אים זאָלן קוקן אלע און נישט מבטל זיין מצות תפלין אפילו בשעת סכנת-נפשות.

אז דער פאָליציי-באַאַמטער האָט אים דערזען מיט די תפלין אויף דעם קאָפּ פריי און פראנק פאר אַלעמען אין גאַס, האָט ער נאָכגעיאָגט דעם אלישע, אום אים באשטראָפן ווי עס לויטעט דער באַפעל, נאָר ווי דער באַאַמטער פלעגט נאָר נענטער צוקומען צו דעם מאַן אלישע, האָט ער גלייכצייטיק אַראָפּגעכאַפּט די תפלין פון קאָפּ, איידער דער באַאַמטער האָט עס געקענט מערקן.

דער באַאַמטער פלעגט אים פרעגן: „וואָס האלסטו אין האנט?“ פלעגט אים אלישע ענטפערן: „די פליגלען פון א טויב.“ (דורך אַ נס פלעגן ווערן פון די תפלין פליגלען פון א טויב) און דאָס ווייזן דעם באַאַמטן. דער באַאַמטער פלעגט ווירקלאַך זען אז ס'איז נישט קיין תפלין און אים אָפּלאָזן פריי. און צוליב דעם נס פון די פליגלען האָט מען דעם מאַן שוין אויף שטענדיק גערופן אלישע בעל-כנפים.

אויף דעם פרעגן די חז"ל, פארוואס פלעגן די תפלין ביי אים אין האַנט ווערן דוקא פליגלען פון א טויב און נישט פון אַן אַנדער פויגל? איז דער ענטפער: ווייל דאָס אידישע פאָלק איז געגליכן צו א טויב, און אזוי ווי די טויב באַשיצט זיך פון אירע נאָכיאָגער און פארפאָלגער מיט אירע פליגלען, אזוי אויך באַשיצט זיך דאָס אידישע פאָלק פון אירע נאָכפאָלגער מיט די מצות וואָס זיי זיינען שטענדיק מקיים און מיט'ן לאָזן מקריב זיין זיך פאר די מצות אין די שווערע צייטן, ווען די פיינט דריקן זיי.

דיזע דערציילונג פון די הייליקע חכמים פון תלמוד, האָט אויף מיר געמאכט אַ גרויסע ווירקונג צו פאַרשטיין דעם וואונ-

in danger, he put on the phylacteries and went out on the street, ready to sacrifice his life.

When a police officer saw him openly wearing the phylactery upon his head, he pursued Elisha, ready to inflict upon him the prescribed punishment. But as soon as the officer was about to overtake him, Elisha removed his phylacteries the same instant the officer was about to identify what he was wearing upon his head. The officer asked him: "What have you in your hand?" Answered Elisha: "The wings of a dove." By a miracle the phylacteries became wings of a dove, which he showed to the officer. The officer, seeing that it was not phylacteries, had to let him go free. And, because of the miracle, the name of Elisha became "The Winged."

The sages questioned: "Why did the phylacteries in the hands of Elisha become wings of a dove, and not wings of another bird?" And they answered: "Because the Jewish nation is likened to a dove; even as the dove protects itself from its pursuers and persecutors by its wings, so is also the Jewish people shielded against its persecutors by the commandments which they continue to observe, and by offering themselves as sacrifices on account of the commandments during burdensome times, when the enemy is oppressing them."

This story of the saintly sages of the Talmud made upon me a great impression, by which I understand the

דערבארן כח פון די פאָלקס-העלדן, די גרויסע מוטיקע העלדן, וועלכע מיר פארמאָגן שטענדיק, אַזעלכע העלדן, וועלכע גייען דרייסט צום קאמף און אויך צום טויט, ווען די פיינט ווילן זיי שטערן אין מקיים זיין תורה און מצות.

דאָס איז דער סוד פון אונדזער קיום. די וואונדער-קראַפט וואָס אונדזער פאָלק פארמאָגט, צו שטיין פעלזן פעסט פאר אונדזערע עיקרים, פאר דער אמונה און באַשיצן זיך מיט די מ צ ו ת ווי אַ טויב מיט אירע פליגלען.

פרייט מיך, אלזאָ, מיין הארץ, וואָס איך קען זיך רעכענען פון היינט פאר א מיטגליד פון אונדזער וואונדער-פאָלק ישראל און איך וויל מיך אריינרעכענען צווישן די דערמאנטע גרויסע העלדן, גרייט צו אָפּפערן מיט האָב און גוטס פאר דעם נאָמען איד.

לאָמיר האָפן, עס וועט אויף אונדז מקוים ווערן די רייד פון הייליקן נביא ישעי', וואָס האָט געזאָגט אויף דעם אידישן פאָלק: כל כלי יוצר עליך לא יצלח (קיין שווערע געווער וועט אויף דיר נישט ווירקן) אומצוברייגגען די אידן פון דער וועלט און פארניכטן זיי אלס אַן עוויג פאָלק.

---

wonderful power of the national heroes, the great and courageous heroes who are ever at our disposal, who bravely face danger, even death when the enemy attempts to prevent them from observing the Torah and its commandments.

This really is the secret of our existence. The wonderful power that our nation possesses, to remain firm as a rock by the fundamentals of our religion, and to protect itself with the commandments even as a dove protects itself with its wings!

My heart is, therefore, overjoyed because I can count myself a member of the wonderful people of Israel; and I do desire to be included among such heroes as were mentioned, ready to sacrifice sum and substance for the name Jew.

Let us hope that the words of the sainted prophet Isaiah will be fulfilled, saying concerning the Jewish nation: "No weapon that is formed against thee shall prosper," Amen.

---

# זיבעטע דרשה.

טרייע עלטערן און געערטע געסט!

היינט, ווען מיר ווערט דערפילט דרייצן יאָר און איך רוף זיך בר מצוה, איינגערעכנט פאַר א מיטגליד אין אונדזער פאָלק און ווער פארפליכטעט היטן די תורה ומצות, — געפין איך פאר נויטיק, אויסצודריקן אייך אייניקע ווערטער, וועלכע פאַסטן צו דעם פייערטאג פון מיין בר מצוה.

די תורה גיט אונדז אַ ריכטיקן בילד, וואָס האָט פאַסירט מיט יעקב און עשו אין זייער יוגנט. זיי ביידע, צוויי ברידער געבוירן גלייך (אַ צווייילינג) צו זייערע עלטערן, אונדזערע אבות יצחק ורבקה. ווען די ברידער זיינען נאָך גאָר קליינע געווען, האָט מען נאָך נישט גוט פארשטאַנען דעם אונטערשיד צווישן זיי. ביידע גלייך זיינען געגאַנגען אין חדר לערנען ווי די חכמי המדרש דריקן זיך אויס: „זה (יעקב) הולך לבית הספר וזה (עשו) הולך לבית הספר. זיי ביידע זיינען קליינערהייט געווען געהאָרכזאם זייערע עלטערן. ווען זיי זיינען אבער עלטער גע־וואָרן און זיי איז דערפילט געוואָרן די דרייצן יאָר „ו י ג ד ל ו ה נ ע ר י ם — ו נ ע ש ו ש ל ש ע ש ר ה ש נ ה" זאָגט דער מדרש האָבן ביידע ברידער זיך פארנאַנדערגעטיילט אין באַ־זונדערע וועגן. עשו האָט פארבראכט שטענדיק אין די פעלדער און וועלדער און פלעגט פאנגען חיות אין אלע פויגלען, האָט אָפּגעטאָן אַלע אומווירדיגע זאַכן; און יעקב האָט פארבראכט שטענדיק אין בית המדרש (פון שם ועבר) אין גייסטלאכע זאַכן ת ו ר ה א ו ן מ ד ו ת ט ו ב ו ת (יעקב איש תם יושב אהלים).

און דאָס איז געשען ביי דעם דרייצנטן יאָר.

## SPEECH VII

Faithful parents and honored guests: To-day, when I rounded out fully thirteen years and called myself Bar-Mitzvah, initiated as a member of our people, and became obligated to keep the Torah and its commandments, I found it necessary to express to you a few words, which are fit to the occasion when my Bar Mitzvah is being celebrated.

The Torah gives us a true picture of what happened to Jacob and Esau during their childhood. Both of them, born at the same time, twins to their parents, who were also our parents, Isaac and Rebekah. When the brothers were still in their infancy and early childhood, it was not possible to grasp the difference between them. Both of them, as the Midrash assures us, went alike to school. "This one goeth to school, meaning Jacob; and this one goeth to school, meaning Esau." Both of them were alike obedient to their parents. But when they grew older, when they reached the age of thirteen years, as the Midrash assures us, saying: "And the lads grew up, and became thirteen years old," the two brothers separated, and each one followed a different path. Esau spent his time in the fields and forests, hunting beasts and fowl, and did everything wrong; but Jacob spent all of his time in the Beth-ha-Midrash of Shem and Eber, devoting his life to spiritual things, studying the Torah and following moral conduct, as the Torah says of him: "And Jacob was a plain man, dwelling in tents"—in the tents of the Torah.

And, such happened on the thirteenth year of both their lives!

עשו איז גלייך מיט זיין ברודער יעקב געווען די גאנצע צייט ביי זיינע עלטערן אין הויז. אזעלכע צדיקים ווי יצחק מיט רבקה'ן, האבן זיי ביידן געווים געגעבן דעם בעסטן חנוך און געלערנט זיי אלע מדות טובות און דאך האבן אלע זאכן נישט געווירקט אויף עשו'ן און ער האט זיך איבערגעגעבן צו אלע שלעכטע זיטן: רציחה, גזילה און אלע ווילדע מעשים, וועלכע האבן פארבימערט דעם לעבן פון זיינע עלטערן.

אבער יעקב האט באוואונדערט אלעמען מיט זיינע שיינע מעלות, ער האט זיך אויסגעבילדעט אין תורה וחכמה, ער האט נישט געקוקט אויף דער וועלט און נאכגעטאן בעסער אלע מעשים פון זיינע עלטערן. און ווען ער איז געווארן ב ר־מ צ ו ה, דרייצן יאר אלט איז ער פון טאג צו טאג מער גע־בילדעט געווארן אין גייסט לתהלה ולתפארת.

ווען איך באטראכט גוט די גוטע אויפפירונג פון אונדזער אלטן יעקב פון זיין בר־מצוה אן, און ווי ער איז דערהויבן גע־ווארן מיט תורה ומעשים טובים, ווירקט דאס זייער אויף מיר, און איך פארלאנג צו גיין אין דעם וועג וואס ער איז געגאנגען און אויך באצייכנט ווערן מיט די ווערטער י ו ש ב א ה ל י ם.

איך קען שטאלצירן צו זיין אן א י ש י ה ו ד י, איינער פון מיין פאלק, וועלכע איז אויסגעצייכנט קעגן אנדערע נא־ציאנען, מיט דער הייליקער תורה און פראכטפולע אמונה, וואס עס איז דער עיקר עקזיסטענץ פון אונדזער פאלק.

דאס איז אונדזער באשיצונג קעגן אונדזערע בעטריגער און פארפאלגער, וועלכע ווילן שטענדיק אפווענדן אונדז פון דרך התורה ואמונה, אבער עס גיט זיך זיי נישט איין. אונדזער פאלק ישראל איז אויסגעצייכנט מיט גרוים העלדן־מוט. נישט אפשרעקן זיך פון די שטארקע און פעסטע הענט פון עשו (ידים

Esau, alike with his brother Jacob, was with his parents all of that time. Such pious people as Isaac and Rebekah, assuredly gave both of them the best of bringing-up and instructed them in all manner of good conduct and, yet, have all of these things failed to impress Esau, for, he gave himself over to all evil tendencies, even to murder, robbery and other wild deeds which embittered the lives of his parents.

But Jacob was admired by everybody because of his fine qualities; he educated himself in the Torah and in secular knowledge; he paid no attention to the outside world but, rather, imitated all of the good deeds of his parents. And, when he became Bar Mitzvah, that is, from his thirteenth year onward, he added daily to the education of his mentality, thereby being the example of praise and glorification.

When I reflect well on the good conduct of our ancient Jacob from his Bar Mitzvah onward, how he became exalted by studying the Torah and by practicing good deeds, it impresses me overmuch and, a desire overcomes me to follow the path he followed so that I, too, may be designated by the title of "Dweller in Tents."

I may well be proud of being one of the men in Judah, to be counted in as one among my people, which is distinguished in comparison with other peoples, by having as its own the sacred Torah and magnificent religion, which is the very pivot of our people's existence.

This is our protection against our persecutors and seducers, who ever desire to turn us away from the path of the Torah and religion but who do not succeed. Our people of Israel is distinguished by its great heroic courage. It is never afraid of the strong and powerful hands

של עשו) און ווען יעקב׳ס שטימע ווערט געהערט אין בתי־כנסיות און בתי מדרשות לערנענדיק די ת ו ר ה, דאמאלסט זיינען די הענט עשו׳ס זייער שוואך קעגן יעקבן (בזמן שקולו של יעקב מצפצף בבתי כנסיות ובתי מדרשות אז אין הידים ידי עשו, אַזוי דריקן זיך אוים די ח כ מ י ה מ ד ר ש.

איר, ליבע עלטערן, דארפן צופרידן זיין, אז אייערע דברי מוסר, וועלכע איר האָט פאר מיר שטענדיק געזאָגט, האָט אויף מיר גוט געווירקט און איך נעם דאס אין אַכט היינטיקן טאָג ווען עס איז מיר דערפילט געוואָרן דרייצן יאָר און איך בין געוואָרן ב ר מ צ ו ה. איך פארהאָף ווייטער צו בילדן זיך אין תורה והכמה און זיין אַ גאָטספאָרכטיקער איד, אייער מי זאָל נישט פארפאלן גיין און איר זאָלט זיין געבענטשט פון גאָט מיט אלדאָס גוטס.

of Esau. "And when the voice of Jacob is heard in the synagogues and lecture rooms studying the Torah, then are the hands of Esau mighty weak against Jacob," as the wise men of the Midrash expressed themselves.

You, dear parents, ought to be satisfied because your moral preaching which you have constantly delivered to me made an impression upon me and I take cognizance of the fact this day when I rounded out thirteen years and became Bar Mitzvah. I hope to continue to educate myself in Torah and secular knowledge and be a God-fearing Jew, so that your efforts will not have been lost. And, may you be blessed of Almighty with Happiness. Amen.

---

# אַכטע דרשה.

הויכגעשעצטע ליידים און דזשענטלמען!

היינט האָב איך דערגרייכט מיין דרייצניאָריקן לעבנס־עלטער, אין וועלכן איך ווער אנערקענט אלס מיטגליד אין דער אידישער געמיינדע. פון היינט אָן בין איך פארפליכטעט אָנצונעמען אלע גאָטס באפעלן, וועלכע ער האָט פארזאָגט זיין פאָלק ישראל — ווי אונדזערע חכמים האָבן דערקלערט: בן שלש עשרה שנה למצוה.

איך ווער היינט באטייטלט מיט דעם נאָמען ב ר מ צ ו ה, וועלכער צייגט, דאס פון היינט האָב איך אויף זיך גענומען די אויפגאבע צו דינען גאָט מיט מיין גאנצע קראַפט און מאַכט.

די ערשטע פליכט, וואס ליגט אויף מיר, איז אָנצוטאָן אויף מיין האנט און קאָפּ די תפלין, וועלכע דערמאנען אונדז גאָטס גנאָד, וואָס ער האָט געוויזן אונדזערע עלטערן ווען ער האָט זיי ארויסגעפירט פון די עגיפּטישע שקלאַפעריי.

שוין אומגעפער צוויי טויזנט יאָר ווי מיר אידן זיינען אין גלות. אונדזער פאָלק איז פאַרטריבן און פאַרוואָגלט אין פרעמדע לענדער צווישן פרעמדע פעלקער. די אלע פעלקער האָבן אימער געשטרעבט אונדז צו פארניכטן, אבער גאָט באַשיצט אונדז תמיד און טראָגן די אלע ליידן און צרות וואָס מיר האָבן — שטייען מיר פעסט צו פּראָקלאמירן פאר דער גאַנצער וועלט גאָטס לערע, וועלכע באגליקט די מענטשהייט.

דער פסוק, וועלכער שטייט איינגעפּאסט אין די תפלין „למען תהיה תורת ד׳ בפיך" באַלייכטעט אונדזער וועג. די תורה לערנט אונדז צו וויסן ווי זיך צו אויפפירן אויף דער

## SPEECH VIII

Ladies and gentlemen: This day I have reached the thirteenth year in my life, when I became a recognized member in the Jewish community. From this day onward I am obliged to accept all of the commandments of God with which He charged His people, even as our sages declared: "A son at the age of thirteen is obliged to obey the commandments."

I am to-day vested with the title Bar Mitzvah, which implies that from this day onward I have assumed the obligations to serve God with all my might and strength.

The first duty which I am obliged to perform is to put phylacteries on my arm and upon my head, which remind us of God's lovingkindness which He bestowed upon our forefathers when He delivered them from Egyptian bondage.

It is almost two thousand years since we Jews are in exile. Our people is peeled and scattered in strange lands among strange nations. All of the nations have constantly attempted to destroy us, but God always shielded us, and despite all suffering and persecution which we endure we stand firm, proclaiming to the whole world God's teachings which make mankind happy.

The Verse which is engrossed in the phylacteries, saying: "So that the law of God be in thy mouth," lightens our path. The Torah teaches us to know how to

וועלט, ווי צו ליבן אמת און פרידן, צו געבן ברייט די הונגע־ריקע, צו ליבן דעם גר, דעם פרעמדן, צו העלפן דעם עלענדן, דעם נויטבאַדערפטיקן.

ווי פרייט מיך יעצט באטראכט צו ווערן אלס מיטגליד צו מיין ליבן פאָלק ישראל, איך זאָל גלייך מיט אלעמען דערפילן מיינע שולדן אלס איד און אלס מענטש.

פאר די אלע גוטע געפילן בין איך שולדיק נאָר מיינע ליבע עלטערן, וועלכע האָבן מיך אימער געלערנט צו טאָן גוטס און האָבן מיך באזאָרגט מיט גוטע לערער, וועלכע האָבן פאַר־פלאנצט אין מיין הארץ די אידישע מאָראַל און גאָטס לערע.

דערלויבט מיר, טייערע עלטערן, אויסצודריקן מיינע געפילן וואָס מיין קינדיש הארץ פילט צו אייך פאר דאס גוטס, וואָס איר האָט געטאָן מיט מיר פון געבורט ביז היינט.

איז דען מעגלאך, ליבער פאטער, דיר צו באדאנקען פאר די אַלע וואָלטאטן און גוטס? איז דען מעגלאך דיר אויסצודריקן, ליבע מוטער, מיינע אלע דאנקבארע געפילן פאר דיינע גוטע און מילדע האנדלונגען?

לאָמיר האָפן, דאָס איר וועט שניידן מיט פרייד, דאָס וואָס איר האָט מיט טרערן פארזייט.

זאָל אייך דער אלמעכטיקער גאָט שיינקן אַ גליקלאַכן עלטער, איר זאָלט זיך זעטיקן מיט פארגעניגן פון אייערע קינדער און קינדס־קינדער.

conduct ourselves in this world, to love truth and peace, to give bread to the hungry, to love the proselyte and the stranger, to help the lonely and the needy.

How happy I am now to be considered a member of my loving people of Israel, to be alike with everybody, performing my duties as a Jew and as a man!

For all of these good feelings I am indebted to my dear parents, who always instructed me to do good and appointed good teachers for me who implanted in my heart God's teachings and the morality of Judaism.

Permit me, dear parents, to express to you the feelings which my childish heart feels toward you in return for all the good you have done for me from the day of my birth until this day. But is it possible, my dear father, to thank you for all the happiness and goodness you have bestowed upon me? And, is it possible to express to you, my dear mother, all my feelings of gratitude in return for your good and tender cares?

Let us hope that you will reap in joy that which you have planted in tears.

May Almighty God grant you a happy and long life so that you shall be filled with pleasure seeing the happiness of your children and grandchildren, Amen.

---

# נײנטע דרשה.

ליבע עלטערן און אלע אנוועזנדע געסט!

וואָס איז היינטיקער טאָג אזוי פארשיידן פון אַנדערע טעג? איר האָט זיך צוזאמענגעקליבן און מיר זיצן דאָ אלע ביי גע־גרייטע טישן מיט עסנווארג און געטראנקן און מען פאר־ברייינגט אַזוי לוסטיק און פריילאך?

פון וועמענס וועגן איז דאָס אלעם צוגעגרייט און ווער שפילט דאָ די הויפט ראָלע אין דער שמחה?

מוז איך אייך מיט אַ פרייליכן מוט זאָגן, אז דאָס איז אלעם פאָרבאַרייטעט געוואָרן נאָר פון מיינטוועגן, און איך בין דאָס דער העלד פון טאָג. היינט איז מיר דערפילט געוואָרן דרייצן יאָר פון מיין געבורטסטאָג און איך ווער גערופן בר מצוה, ווייל פון היינט אָן נעם איך זיך אָן צו היטן די מצות פון אונדזער תורה און ווער אַ מיטגליד צו אונדזער פאָלק ישראל.

איך האָב אָנגעטאָן אויף זיך תפלין, וואָס די מצוה פון דעם איז ביי אונדזער פאָלק זייער געאַכטעט און געשעצט. אַלזאָ, ערלויב איך מיר צו זאָגן פאר אייך איניגע ווערטער וועגן דעם אינהאלט פון היינטיקן טאָג און פאר די גרויסע באַ־דייטונג פון די מצות תפלין.

ביי אונדז איז איינגעפירט, אַז אין דעם טאָג וואָס אַ קינד ווערט אַ בר מצוה, מאכן די עלטערן אַ גרויסע סעודה און מען קלייבט זיך צוזאַמען די גאַנצע משפחה און אלע גוטע פריינט. מ׳פארברייינגט פריילאך, לוסטיק און צו דעם זאָגט דער בר מצוה פון די געסט אַ דרשה.

אָבער די צייט האָט אונדז געוויזן, אַז זייער פיל בר־מצוה

## SPEECH IX

Dear Parents and all assembled guests: Why is this day in my life so different from other days? You have assembled here, and we are all sitting at a table, laden with food and drink, and we are being entertained so joyfully and happily.

For whose sake is all this prepared, and who is the chief actor on this joyful occasion? With a happy courage I must confess that all of this was prepared for my sake, and that I am the hero of the day.

This day I have rounded out thirteen years of my life, and I am called Bar Mitzvah, because from this day onward I take upon myself to observe the commandments of the Torah, and be a member of the people of Israel.

I have put on phylacteries, the commandments of which our people observe in reverence and sacredness. I, therefore, take the liberty of saying to you a few words concerning the significance of this day, with particular reference to the commandments concerning phylacteries.

It is customary with us that on the day when a child becomes Bar Mitzvah the parents prepare a feast to which the entire family and all good friends are invited. The entertainment is joyful and happy, and in addition the Bar Mitzvah addresses the guests.

But time showed us that numerous Bar-Mitzvah boys

קינדער האָבן אין דעם טאָג פון זייער בר־מצוה געזאָגט פאַר הונדערטער מענטשן זייערע היציקע דרשות וועגן די באַדייַ־טונג פון די תפלין, האָבן ערנסט פאַרזיכערט אז זיי וועלן היטן די מצוה פון תפלין דעם גאַנצן לעבן, ווי עס איז געבאָטן פון דער תורה, און צו אונדזער גרויס באַדויערן, האָבן זיי גאָר אין אַ קליינע צייט נאָך זייער בר מצוה אַוועקגעוואָרפן די תפלין און זיי ווילן גאָר נישט געדיינקען, אז עס איז גאָר פאַראַן ביי אידן אַזאַ וויכטיקע מצוה און צו דעם הערן זיי אויף צו היטן נאָך וויכטיקע מצות ביז אין פאַרלויף פון איניקע יאָר, זעען מיר אזעלכע בר מצות, אַז זיי ווערן גאָר גרויסע בעלי עברות. זיי גייען ארוים פון אידישן לאַגער גאָר אין אַ פרעמדער סביבה און מען קען שוין זיי גאָר ניטש רעכענען פאַר אידישע קינדער. זיי האָבן אינגאַנצן אויסגעריסן די פעסטע וואורצלען פון אונ־דזער אמונה און האָבן זיך אָנטזאגט אינגאַנצן פון אונדזער פאָלק.

צו דאָס אלעם האָט מיטגעבראַכט, וואָס זיי האָבן אַוועקגע־וואָרפן פריער די וויכטיקע מצוה פון תפלין, ווי די חז"ל דריקן זיך אוים: פושעי ישראל בגופן קרקפתא דלא מנח תפלין. (די וואָס לייגן נישט קיין תפלין ווערן פאַררעכנט פאַר פושעים אַרויסגענומען פון אידישן פאָלק).

אין אַזאַ מצב זיינען אינגאַנצן איבעריק די פאַרברייטונגען פאַר דעם טאָג „בר מצוה". פאַרקערט, דאָס איז נאָך אַ באַלייַ־דיגונג פאַר דעם כבוד התורה והעם, ווען מען מאַכט אַ קאָמע־דיע פון דעם אלעם. מען זאָגט און מען איז נישט מקיים.

אַלזאָ, געערטע געסט! איך זעלבסט געהער נישט צו אַזעלכע בר מצות. דעם גוטן חנוך, וואָס מיינע ליבע עלטערן האָבן מיר געוויזן די יונגע יאָרן ביז היינט, לערנען מיר די

delivered on the day of their Bar Mitzvah a very warm sermon before hundreds of people concerning the significance of phylacteries, and earnestly assured the assembled guests that they would observe the commandments concerning phylacteries their whole life, even as it is charged in our Torah. Yet to our great sorrow they have, but in a short while after their Bar Mitzvah, cast away their phylacteries and refused even to remember that there is in existence among the Jewish people such an important commandment, and in addition thereto they abandoned many more important commandments, and in the process of but few years' time they became violators of many of the commandments of God.

They step out from the Jewish camp and enter a strange environment, so that it is almost impossible to count them in amongst Jewish children. They have completely torn out the strong roots of our religion and severed all connection with our people.

All of this came about, because the first commandment to be abandoned by them was the important commandment concerning phylacteries, even as our sages of blessed memory express themselves, saying: "The transgressors in Israel, who stoop to sin with their body consists of a cranium upon which no phylacteries have been on."

Under such conditions preparations for the Bar-Mitzvah day are unnecessary. On the contrary, it is an insult to the honor of the Torah and the people of Israel, when everything is made to appear as a mockery. A promise is made which remains unfulfilled.

Now, worthy guests! I myself do not belong to such category of Bar-Mitzvah boys. The good upbringing which my dear parents bestowed upon me from my early childhood until this day, taught me the straight path of

גלייכע וועג פון תורה ואמונה. דאָס וועטביישטייז פאר מיר שטענדיק היטן אלע הייליקייטן און צו זיין איינער פון די גאָטספארטיקע אידן.

די מצות תפלין, וועלכע איך בין היינטיקן טאָג מקיים אָנטועגדיק אויף מיין קאָפּ און אָרעם, — וועל איך נישט שוואַכער ווערן צו היטן מיין גאנצן לעבן.

איך וועל נישט גיין אין דעם וועג פון די וואָס ווארפן אַוועק די מצות התורה און זוכן פאר זיך פרעמדע וואסער... זיי ווערן פארפרעמדט אינגאנצן פון אונדזער פאָלק, וועלכער איז אויסגעצייכנט טויזנטער יאָר מיט תורה ואמונה. דאָס אידישע פאָלק איז אן עוויגע, דער עקזיסטענץ איז זייער פעסט און שטארק.

אין די טויזנטער יאָרן, וואָס אונדזער פאָלק וואנדערט אין פארשידענע לענדער צווישן אלערליי נאַציאָנען זיינען מיר אָפט פארפאָלגט און געדריקט געוואָרן, אבער די תורה און אונדזער אמונה זיינען ביי אים גוט אָפּגעהיט געוואָרן. די גרעסטע אינקוויזיציעס, וואָס זיינען צוגעגרייט געוואָרן פאר אונדזער פאָלק די גרעסטע גזירות און יסורים, וואָס אונדזער פאָלק האָט געליטן פאר דער תורה און אמונה, — האָט אים נישט אָפּגעשוואַכט, נישט אָפּגעשראָקן און איז געשטאַנען פעסט ווי אַ שטאַרקער פעלז אין ים, נישט גערירט ביז היינטיקן טאָג.

אַזאַ שטאַרקע קראפט האָט נישט קיין אומה ולשון. אלע אונדזערע פיינט, וועלכע האָבן אונדזער פאָלק געדריקט, ווייסן דאָס גוט און זיינען מודה, — אַז דער גאַנצער קיום פון אידישן פאָלק אין די טויזנטער יאָרן פון דעם פינסטערן גלות איז נאָר דער כח „התורה והאמונה“, די מסירות־נפש פון היטן די מצות, וואָס איינע פון זיי רעכנט זיך — תפלין.

Torah and religion. This will constantly be my aid in observing everything holy, and to be one of the God-fearing Jews.

The commandment concerning phylacteries which I am fulfilling by putting the phylacteries on my arm and upon my head, I will not cease to observe during my whole lifetime.

I will not follow the path of those who cast away the commandments of the Torah and look to partake of strange waters. They become estranged from our people, which is distinguished by thousands of years of Torah and religion. The Jewish people is an eternal people. Its existence is firm and strong.

During thousands of years of the wanderings of our people in different lands among all kinds of nations, we were often persecuted and oppressed. Notwithstanding this, our people always observed in good faith, the Torah and our religion. The most cruel inquisitions which were visited upon our people, the most arbitrary decrees and gruesome pains which our people had to endure on account of the Torah and religion did neither weaken nor frighten it, for it remained firm as a mighty rock in the middle of the ocean, unmoved till this day.

Such powerful strength no nation or people possesses! All of the enemies who oppress our people know it too well, and do confess that the whole existence of the Jewish people during the thousands of years of darkness and exile consists solely in the power of our Torah and religion, in the self-sacrificing spirit of observing the commandments, two of which are the commandments concerning the phylacteries.

אין דעם געדאַנק דריקן זיך אויס אונדזערע חכמים (חז״ל): „מנין שהתפלין עוז לישראל? דכתיב, וראו כל עמי הארץ כי שם ד׳ נקרא עליך ויראו ממך ותניא ר״א הגדול אומר אלו תפלין שבראש" (ד. ה. פון וואנען איז געדרונגען, אַז די מצוה פון תפלין איז די פעסטקייט פון אידישן פאָלק? ווייל ס׳שטייט אין דער תורה: ס׳וועלן זען אלע פעלקער, אַז גאָטס נאָמען איז אויף דיר גערופן, וועלן זיי פאַר דיר זיך פאָרכטן. ערקלערט ר׳ אליעזר, אַז דאָס מיינט מען די תפלין, וואָס אויף דעם קאָפּ).

מיט דעם וואָס מיר לייגן שטענדיק די תפלין אויף דעם קאָפּ און אויף דער האַנט פאַר אלעמען עפנטלאך, נישט באַהאַלטן, און די תפלין אליין לערנען אונדז, אַז אלע אונדזערע טאַטן, וואָס ווערן געטאָן מיט די הענט, און אלע אונדזערע געדאַנקן וועלכע זיינען אין מח, — דאַרפן זיין געווידמעט און איבערגעגעבן שטענדיק נאָר פאַר גאָט מיט די אלע הייליגקייטן פון תורה און מצות און מיט דעם צייכענען מיר זיך אויס מער פון אלע נאַציאָנען און זיי וועלן זען, אַז גאָטס נאָמען איז אויף אונדז, יידן, גערופן, וועלן זיי פאַר אונדז מורא האָבן. זאָגט רבי אליעזר, אַז דאָס וועלן זיי זען די תפלין אָנגעטאָן אויף דעם קאָפּ — און זיי וועלן אונדז אכטן און שעצן.

מיר אלע, זיינען אַלזאָ, פאַרפליכטעט צו היטן די תורה און מצות און אונדזער פראַכטפולע אמונה, דאַמאָלסט וועלן מיר זיין די אויסגעצייכנסטע פאָלק, ווי עס איז אָנגעזאָגט געוואָרן אין אָנפאַנג דורך משה רבינו: „והייתם לי סגולה מכל העמים".

אַז מיר וועלן שטענדיק היטן די תורה ומצות, וועלן זיי אונדז באַשיצן פון אלע גזרות רעות און פון אלע אומגליקן, און מיר וועלן זוכה זיין צו קומען אין אונדזער הייליקן לאנד ציון אין גיכן צייטן. אמן.

This thought is expressed by our sages of blessed memory, in commenting upon the Verse: "And all the people of the earth shall see that the name of the Lord is called upon thee; and they shall be afraid of thee," saying: "We know traditionally that Rabbi Eliezer said: 'This refers to the phylactery in the head.' " Herefrom we learn that phylacteries are a source of strength to Israel. By ever putting on the phylacteries on the arm and upon the head publicly, we manifest our great strength.

The phylacteries teach us that all of our actions, which we do by our hands, and all of our thoughts, which come from our heads, should be dedicated to the service of God and to all the sacredness of the Torah and its commandments for, therein we are distinguished more than all nations. And, when they will see us adhering to the Torah and the commandments, they will see that the name of God is upon us Jews, and will be afraid of us. This is why Rabbi Eliezer said that when the nations see us adorned with our phylacteries upon our heads they will respect and honor us. Consequently, we all are in duty bound to observe the Torah, its commandments and our glorified religion. For only then will we be a trained people even as it was told at the very inception of our history through Moses our Master; "And Ye shall be Mine own treasure from among all peoples."

And, if we continue to observe the Torah and commandments they will shield us against all evil and save us from all misfortune, and by doing so we will live to come back to our Holy Land, Zion, in the very near future, Amen.

## צענטע דרשה.

ליבע עלטערן און געשעצטע פארזאמלונג!

היינט איז מיין געבורטס-טאָג און ביי מיר איז דער טאָג אימער א יום-טוב. אָבער דאָס איז נאָך נישט גענוג מיר צו געבן מוט צו שטעלן זיך ריידן פאר אַ פובליקום.

היינט איז אבער ביי מיר מער יום-טוב ווי אַלע יאָר; היינט איז מיר געוואָרן דרייצן יאָר און איך בין בר מצוה. איך זעגן זיך מיט די קינדישע יאָרן און טרעט אריין אין אַ נייע עפּאָכע.

איך בין שוין אַ איד! איך בין שטאָלץ מיט דעם, וואָס יעצט ליגט אויף מיר די פליכט אָפּצוהיטן אַלע גאָטס געבאָטן גלייך מיט אייך אלעמען, ווערטע פארזאַמלטע, דאָס גיט מיר מוט אויסצודריקן פאר אייך מיינע געפילן היינט.

ליבע עלטערן! צוערשט וויל איך ריידן צו אייך. איך וויל אייך פון אָט דעם אָרט דאנקען פאר די גוטס, וואָס איר האָט פאַר מיר געטאָן און בעטן אייך איר זאָלט מיר פאַרצייען פאר די שמערצן, וואָס איך האָב אייך צייטנווייז פאראורזאַכט מיט מיין נישט געהאָרכזאם זיין, מיט מיינע קינדיש-נאַרישע מעשים. יעצט, היינט, איז די צייט איך זאָל אייך בעטן אום פאַרציי-אונג. איך האָב אייך נישט געפאָלגט — ווייל איך האָב נישט פארשטאַנען מיט מיין קינדישן שכל ווי זיך אויפצופירן און ווי אייך צו שעצן.

יעצט, ווען איך ווער בר מצוה, און איך אליין ווער פאר-אַנטוואָרטלאך פאר אלעם וואס איך וועל טאָן, בעט איך אייך, ליבע עלטערן, נעמט נישט צו אייער אויג פון מיר. זייט זוי

## SPEECH X

Dear Parents and honored Assembly: To-day is my birthday. To me, my birthday is always a holiday. But this in itself is not sufficient to come out boldly with a speech before the public. But this day to me is a greater holiday than every other natal day, for on this day I became thirteen years old and therefore Bar Mitzvah. I say farewell to the years of childhood, and step into a new epoch.

I am already a full fledged Jew! I am proud of the fact, for now the duty to observe all of God's commandments rests upon me even as it does on all of this worthy assembly. This gives me the courage to express my feelings to you to-day.

Dear Parents! I will speak to you first. I desire to express to you, at this time, my thanks for all the good you have bestowed upon me, and to beg your pardon for all the pain which I have, from time to time, caused you in not being obedient and in conducting myself childishly. This day is an opportune time to beg of you such a pardon. I have not minded you, not because I wanted to be rebellious, but because my childish mind did not understand how to demean myself and how to pay you the proper reverence.

Now, when I become Bar Mitzvah, and I alone will henceforth be responsible for all my future acts, I pray to you, my dear parents, do not take away from me your

פריער מיינע וועג־ווייזער. צייגט מיר אָן וואָס צו טאָן און ווייזט מיר דעם ריכטיקן וועג אויף וועלכן איך באַדאַרף גיין. איך וועל אייך אימער געהאָרכזאַם זיין און איך וועל שטרעבן צו זיין דאָס וואָס איר ווינשט און וואָס איר האָפט איך זאָל זיין.

אין אייער אנוועזנהייט, ווערטע פריינט, זאָג איך צו, דאס די תפלין וועלן מיך צובינדן צו מיין נאַציאָן, איך וועל היטן, וואָס אַ איד באַדאַרף היטן און איך וועל טייער האַלטן וואָס ביי אונדזער פאָלק איז טייער.

איך בין שטאָלץ וואָס איך בין אַ איד. אַ קינד צום פאָלק, וואָס האָט פאַרשפּרייט ליכט און בילדונג אויף דער גאַנצער וועלט, ווייל די אידישע תורה איז דער קוואַל פון וויסנשאַפט און מאָראַל, יושר און נאַרהייט, פרייהייט און גלייכהייט.

איך וועל אימער שעצן די תורה און די שפּראַך, אין וועלכע זי איז געשריבן און אויף וועלכע אונדזערע נביאים האָבן נביאות געזאָגט. איך וועל אימער ליבן מיין רעליגיאָן און דאָס הייליקע לאַנד צו וועלכע מיר אַלע האָפן זיך צוריקקערן.

איך בעט גאָט — דאָס איז מיין ערשטע תפלה — שיק דיין ברכה צו מיינע ליבע עלטערן, דערלענגער זייערע יאָרן און גיב זיי רייכטום און גליק. זאָלן זיי האָבן נחת פון אלע זייערע קינדער.

שיק אויך דיין ברכה צו מיינע שוועסטער און ברידער, אָנקלס און טאַנטעס און צו מיין גאַנצער משפחה.

געבענטשט זאָל זיין מיין לערער און דאָס גאַנצע פּובליקום וועלכע נעמען אַן אנטייל אין אונדזער שמחה של מצוה; געבענטשט זאָל זיין אונדזער פאָלק איבער דער גאַנצער וועלט, זאָלן מיר זוכה זיין זיך אומקערן צו אונדזער אַמאָליקן גרויסן שטאָלץ און צו אונדזער פאָטערלאַנד. אמן.

eyes. Be unto me as heretofore, a guide. Show me what to do, and lead me in the right path which I must follow. I will always be obedient to you, and I will strive to be that which you want me to be, and that which you hope that I should be.

In your presence, worthy friends, I promise that the phylacteries will bind me to my nation. I will observe that which a Jew is obliged to observe, and I will keep sacred that which our nation considers sacred.

I am proud that I am a Jew, a child of the people which has spread light and education throughout the world. It was able to do so, because the Jewish Torah is the source of civilization and morality, justice and truth, liberty and equality.

I will ever revere the Torah and the language in which it is written, and which was the medium of expression of our Prophets. I will always love my religion and the Holy Land to which we all hope to return.

I pray to Thee O God! Bestow Thy blessings upon my loving parents. Prolong their years and give them health and good fortune. May they have pleasure from all of their children. Bestow Thy blessings also upon my sisters and brothers, uncles and aunts, and upon my whole family. May my teachers and the entire assembly who participate in our joy be blessed.

Blessed be our nation which is scattered throughout the world. May we all live to witness the return to us of our ancient glory, and our return to the land of our fathers, Amen.

---

# עלפטע דרשה.

**(צו פרשה ויחי)**

**ווערטע געסט!**

היינטיקער טאָג איז פאר מיר זייער א פריילאכער! דער טאָג איז פאר מיר אַ וויכטיקער אין מיין לעבן. — היינט רוף איך זיך אָן — בר מצוה. ס'איז מיר דערפילט געוואָרן דרייצן יאָר פון מיין געבאָרן און פון היינט אָן נעם איך אויף זיך צו היטן די מצות פון אונדזער תורה און דערפאר האָב איך ארויפגענומען אויף מיין קאָפּ און מיין האַנט די תפלין.

ביז היינטיקן טאָג בין איך געווען פאררעכנט ביי אלעמען אלס א קליין קינד, וועלכער איז נאָך נישט געבילדעט און איז איבערגעגעבן צו קינדישע אויפפירונג און שטיפעריי מיט חברים.

ביז היינטיקן טאָג, אויב איך האָב נישט געהיט די מצות מיט די אידישע מנהגים — האָט מען מיט מיר זיך גאָרנישט גערעכנט און איך בין נישט געווען פאר זיך פאראנטוואָרטלאך, ווייל אלס קינד ווערט דאס נישט גענומען אין אכט.

אָבער פון היינטיקן טאָג, ווען מיר איז דערפילט געוואָרן דרייצן יאָר, גיי איך שוין ארויס אינגאנצן פון דעם קינדערשן שטאַט און איך ווער שוין פאררעכנט פאר א מיטגליד פון אונדזער פאָלק צו נעמען אויף זיך דעם לאַסט פון תורה און מצות, און דעריבער ווער איך גערופן היינט — ב ר מ צ ו ה.

אלזאָ, מיינע ווערטע געסט! צום אנדיינקן פון היינטיקן טאָג, וועלכער איז פאר מיר זייער געשעצט און טייער, געפין איך פאר נויטיג צו ריידן אייניקע ווערטער וועגן די וויכטיקייט

## SPEECH XI

Worthy guests: This day to me is a very happy one. It is an important day in my life. To-day I call myself Bar Mitzvah. I rounded out thirteen years since my birth, and from this day onward I assume the obligation of observing the commandments of our Torah, and because thereof I have put on phylacteries on my hand and upon my head.

Till this day I was considered by everybody a little child, without sufficient education, and merely devoted to childish conduct and playfulness with companions of my own age.

Until this day, if I did not observe the commandments, or did not follow Jewish customs, I was not at all taken to account for it, as I was not considered responsible for my actions, because the conduct of a child is not taken seriously. Not so to-day; since I became fully thirteen years of age, I have stepped out from the state of childhood completely, and am considered a member of our people to assume the burden of the Torah and the commandments, which is the reason why I am to-day called Bar Mitzvah.

Therefore, my worthy guests! to commemorate this day which I revere and hold dear, I find it necessary to say a few words concerning the importance of my Bar

פון מיין בר מצוה און ערקלערן אייניקע פסוקים פון דער תורה, וועלכע מען האָט פאר אונדז היינט געלייענט.

די תורה דערציילט אונדז: ווי און מיט וועלכע ברכות האָט יעקב, אונדזער אלטער פאָטער געבענטשט זיינע אייניקלאך מנשה און אפרים (יוספ׳ס קינדער) איידער ער איז אוועק פון דער וועלט.

מיר מוזן דאָס גוט באַטראַכטן, אז אין די הייליקע ווער־טער וועלכע עס זיינען ארויס פון דעם הייליקן מויל פון דיזן געטלאכן מאַן, אין זיינע לעצטע ווערטער — איז אָפגעשפיגלט זייער קלאָר אַ בילד פון שפּעטערדיקע צייטן, און דיזע ווערטער קאָנען געזאָגט ווערן אפילו וועגן היינטיקן טאָג מיט זייער אינהאלט.

ווען אונדזער פאָטער יעקב איז געקומען מיט זיין גאנצע פאַמיליע אין מצרים, האָט ער זיך באזעצט גלייך אין אַ באַ־זונדער אָרט (די לאנד גשן) אָפּוויטערן זיך פון מצרים. ער האָט גוט געוואוסט, אַז ער מיט זיינע קינדער, די צדיקים, קענען נישט צוזאמען זיצן מיט די פארדאָרבענע מצרים, אום זיי זאָלן נישט ווירקן אויף זיי.

אויך זיינע אייניקלאך, מנשה און אפרים, ווען די זיינען געווען „פירשטן" און זייער פאָטער יוסף — וויצע־קעניג, פונ־דעסטוועגן דערציילן אונדז די חכמים (חז"ל), אז זיי פלעגן קומען אלע טאָג צו זייער זיידן יעקב לערנען ביי אים תורה.

אַזוי איז עס אָנגעגאַנגען די גאנצע 17 יאָר, וואָס יעקב האָט געלעבט אין מצרים מיט זיין פאמיליע. נאָכדעם, ווען יעקב האָט באדארפט זיך זעגענען מיט דער וועלט און יוסף מיט זיינע צוויי זין (מנשה און אפרים) זיינען געקומען זעען זיך מיט אים און באקומען א ברכה, האָט יעקב געטראכט: אמת,

Mitzvah, and to interpret a few verses of our Torah which were read to us to-day.

The Torah tells us how and with what kind of blessings Jacob, our forefather, blessed his grandchildren, Manassah and Ephraim, Joseph's sons, before he departed from this world. It is necessary for us to reflect that in the holy words, which came forth out of the holy mouth of this Godly man as his last words, is mirrored a very clear picture of later generations so that these words and their meaning may be spoken of and applied to the present day.

When our forefather Jacob and his whole family came to Egypt, he established his habitation in Goshen, so as to be separated from the Egyptians for, he knew well that he and his righteous children could not dwell together with the corrupted Egyptians, lest the latter will have an evil influence upon his children.

So, too, were his grandchildren, Manassah and Ephraim of righteous conduct, although they were dukes and their father Joseph vice-King; for, our sages of blessed memory, tell us that they came daily to be instructed by their grandfather Jacob in the Torah.

So it continued throughout the seventeen years that Jacob and his family lived in Egypt, up until the time when Jacob had to bid farewell to the world, and Joseph and his two sons Manassah and Ephraim came to see him for the last time and to receive his blessings. It was then that Jacob reflected, saying. "True that during my so-

די גאנצע צייט, וואָס איך בין געווען אין מצרים, האָב איך גע־לערנט מיט מנשה ואפרים, האָב איך אויף זיי גוט געווירקט. איך האָב געזען זיי זאָלן זיין אידישע קינדער נאָך מיין וואונטש, — אָבער אַז איך וועל שטאַרבן, אַז איך וועל זיי שוין מער נישט לערנען, וועלן זיי אפשר נישט קענען ביישטיין די נסיונות — הזמן? דערצו זיינען זיי דאָך וויכטיקע לייט, געפינען זיך אין אַן עגיפּטישע ספערע, אָנגעזאפּט מיט דער עגיפּטישער קולטור, אַרומגענומען שטענדיק אין קרייז פון מצריים, — איז דאָך טאקע פאַראַן א ספק און א מורא, אז די זעלבע אידישע קינדער, וועלן גאָר פאַרגעסן זייער שטאַם, דעם יחוס און אור־שפרונג פון זייערע עלטערן? —

דערום האָט יעקב גלייך אויף זיי געזאָגט די פאָלגנדע ווערטער: „האלקים אשר התהלכו אבותי לפניו", דער גאָט, פאַר וועלכן מיינע עלטערן, אברהם ויצחק, זיינען שטענדיק גע־גאַנגען, דאָס הייסט בדרך התורה והאמונה; מיינע עלטערן, וועלכע האָבן געלערנט דער גאַנצער וועלט, אַז ס'איז דאָ א גאָט אויף דער וועלט און אַ השגחה, וואָס ביז זיי זיינען נאָר געווען געצען־דינער און פינסטערניש האָט געהערשט איבעראל — „האלקים הרועה אותי מנעורי עד היום הזה" — דער גאָט, וועל־כער האָט מיך באַשיצט פון מיינע יונגע יאָרן ביז דעם לעצטן טאָג, אויסגעהיט פון אלע צרות און יסורים, וואָס איך האָב געליטן שטענדיק.

המלאך הגואל אותי מכל רע — דער וואָס האָט מיך גע־רעטעט פון שלעכטס דעם גאנצן לעבן — יברך את הנערים — זאָל בענטשן די יונגע קינדער, אפרים ומנשה, ויקרא בהם שמי ושם אבותי אברהם ויצחק — איך ווינטש זיי מיט מיינע לעצטע ווערטער, ס'זאָל ביי זיי גערופן ווערן מיין נאָמען און דער נאָמען פון מיינע עלטערן א ב ר ה ם ו י צ ח ק, אין אַלע

journ in Egypt I have instructed Manassah and Ephraim and have had a good influence over them. I saw to it that they should be Jewish children after my own desire. But when I die and I will no longer be able to instruct them, it is greatly possible that they will not be able to withstand the temptation of the day. In addition thereto, the fact that they are important people, finding themselves in an Egyptian atmosphere, saturated with an Egyptian culture and constantly surrounded by Egyptian company, there is ground for fear and doubt lest these self-same Jewish children will completely forget their origin, lineage, and offspring of their fathers."

It was for this reason that Jacob spoke to them these words: "The God before whom my fathers, Abraham and Isaac did walk," which means, that they walked before God in a path of Torah and religion. My fathers who instructed all mankind that there is a God in this world were the first ones to believe so, as up until that time there were only heathens, and darkness reigned everywhere. And Jacob continued saying: "The God who hath been my shepherd all my life long unto this day," meaning, that God shielded him from his earliest youth even till his last day, against all persecutions and suffering which he constantly had to endure.

And, he gave them this blessing, saying: "The Angel who hath redeemed me from all Evil, bless the lads; and let my name be named in them, and the name of my fathers, Abraham and Isaac," meaning, that in all gen-

צייטן וואָס זיי וועלן זיין זאָלן זיי נישט פאַרגעסן, אז זיי שטאַ־מען פון אזעלכע עלטערן, וואָס האָבן ליכטיק געמאכט די וועלט מיט זייער געטלאכע אמונה. אויב די קינדער וועלן נאָר דאָס האָבן אין זייערע געדאנקן שטענדיק, פאַרהאָף איך, אז מיין מי וועט נישט זיין אומזיסט; מיין לערע פון די זיבצן יאָר וועט נישט גיין פארלאָרן.

ווי וויכטיק זיינען די ווערטער, וועלכע דער אלטער פאָטער אונדזערער האָט ארויסגערעדט פאר זיין טויט אין זיין לעצטע ברכה צו די אייניקלאך? — די ווערטער קענען מיר שטענדיק באַנוצן אויף אונדז אין אלע .צייטן.

איך זעלבסט, אינ'ם היינטיקן טאָג פון מיין בר מצוה, ווען איך גיי ארויס פון מיין פריערדיקן שטאנד (ווען איך האָב זיך נאָך גערעכנט פאר א קינד) און איך טרעט אריין אין גאָר א נייע וועלט, ווער א פאָלקאָמער אידישער מענטש מיט דעם אָפּהיטן תורה ומצות, מוז איך אויך אָנקומען צו דער ברכה פון אונ־דזער אלטן פאָטער יעקב. — ויקרא בהם שמי ושם אבותי, אז די שטראָמען פון דער פרעמדער סביבה, פון פרעמדער קולטור, אין וועלכע מיר לעבן אין דער צייט, זאָלן מיר נישט פארטרינקען. מיין אייגענער אידישער נאָמען זאָל מיך שטענדיק באגלייטן. איך מוז בעטן די זעלבע הייליקע תפלה: „האלקים אשר התהלכו אבותי לפניו — די תורה ומצות, אונדזער אמונה אין גאָט צו וועלכן אונדזערע עלטערן זיינען שטענדיק געווען אי־בערגעגעבן און זיי האָבן מיך שטענדיק געלערנט, ווי צו זיין א גאָט־פאַרכטיקער איד, — זייער ווירקונג די גוטע השפעה פון מיינע עלטערן, זאָל נישט פארגעסן ווערן פון מיר אין די שפּע־טערדיקע יאָרן. איך זאָל קענען אריינגערעכנט ווערן אין די אויסגעצייכנטע מענטשן פון אונדזער פאָלק ישראל, וועלכער צימ זיין שטאַם פון די אבות לויט די ברכה פון יעקב, ע"ה, צו זיינע קינדער.

erations, as long as the children would not forget that they sprang forth from such parents who enlightened the world with their Godly religion, and as long as the children would have this constantly in mind, it is my hope, thought Jacob, that my efforts will not have been in vain, and that my instruction which I gave them during the past seventeen years will not be lost.

How important are the words which our ancient father uttered before his death in his last blessings to his grandchildren! We can utilize these words at all times to our own gain.

As for myself, on this day of my Bar Mitzvah, when I step out of my former status, that is, from the status of a small child, and enter into an entire new world and become a full-fledged Jewish adherent of the Torah and commandments—I, too, must think of that part of the blessings of our ancient father Jacob which says: "And let my name be named in them, and the name of my fathers," so that the streams of strange environment, strange culture in which we now live should not drown me. May my own Jewish name constantly follow me! I also invoke the sacred blessing which says: "The God before whom my fathers did walk," meaning, that the Torah and its commandments, our belief in God, to whom our forefathers were constantly adhering, are to me a constant source of instruction in how to be a God-fearing Jew.

I pray that their influence and the influence of my parents shall not be forgotten by me in latter years. I pray that I should be included among the distinguished men of the people of Israel, which derives its origin from our sacred forefathers, according to the blessings of Jacob bestowed upon his children, Amen.

# צוועלפטע דרשה.

ליבע עלטערן און ווערטע געסט!

איך שטיי יעצט על פרשת דרכים, אויפן שייד-וועג: פון איין זייט ליגט מיין דרייצניאָריקע פארגאַנגענהייט, און פון דער צווייטער זייט פאנגט זיך אָן מיין אומבאַקאַנטע צוקונפט.

מיין פארגאַנגענהייט, וואָס האָט פארשלונגען מיין קינד־הייט, איז געווען אויסגעוועבט פון וואונדער שיינע פאנטאזיעס, פון ריין אומשולדיגע געדאנקען, פון הימעלשע געטלאכע מע־לאָדיען און פון גן-עדן זיסע חלומות... יעצט, ווען איך דארף זיי אלעמען זאָגן מיין לעצטן גוד־באַי, — ווערט מיין הארץ פול מיט אומעט, טרויער און בענקשאַפט.

אָבער ליבע עלטערן, איך בין נישט פארצווייפלט און נישט מוטלאָז, איך גיי מיט שטאָלץ און פרייד קעגן מיין נייע צו־קונפט.

ביז יעצט בין איך געווען פאררעכנט אלס קינד, אלס קליי־נער אינגל, וועלכער האָט נישט געהאַט קיין רעליגיעזע פליכטן ווי אלע אנדערע אידן, וועלכע האָבן שוין דערגרייכט דרייצן יאָר, און וועמענס זינד זיינען צוגערעכנט געוואָרן צום פאָ־טערס חשבון. פון יעצט אָן אבער בין איך אַ פאַלקאָמענער איד און איך בין זעלבסט פאראנטוואָרטלאך פאר אלע מיינע זינד. איז דען נישט אזא ענדערונג ערנהאפטער, שענער און זעלבסט־שטענדיקער?

אין פסוק איז געשריבן: ויגדלו הנערים ויהי עשו איש יודע ציד איש שדה ויעקב איש תם יושב אהלים. אויף דעם זאָגט דער מדרש רבה (סעיף סג): ר׳ לוי אומר משל להדם

## SPEECH XII

Dear Parents and worthy guests: I now stand at the parting of the ways. On one side there is behind me a thirteen years' past, and on the other side begins my unknown future.

My past, which swallowed up my childhood, was weaved out of amazingly beautiful fantasies of pure innocent thoughts, of heavenly melodies and of Eden-sweet dreams. Now, when I have to say good-bye to all of these things, my heart is filled with loneliness, sadness and longing.

But, my dear parents, I am neither desperate, nor without courage. I go to face my future with pride and joy.

Until now I was considered a mere child, a little boy who had no religious duties alike with all other Jews who already had reached thirteen years, and whose sins were added to his father's account; but from now on I am a full-fledged Jew with full responsibility for all my sins. Is not such a change more honorable, more beautiful, and more independent?

In the Midrash Rabbah (Genesis Chapter 63), commenting upon the verse: "And the boys grew: and Esau was a cunning hunter, a man of the field; and Jacob was a quiet man, dwelling in tents," Rabbi Levi says: "The

ועצבנית (חוח) שהיו גדלים זה על גבי זה, וכיון שהגדילו והפריחו, זה נותן ריחו וזה חוחו; כך, כל שלש-עשרה שנה שניהם הולכים לבית-הספר, לאחר שלש עשרה, זה הולך לבתי מדרשות וזה הולך לבתי עבודה-זרה. אמר רבי אליעזר עד שלש עשרה שנה צריך אדם להטפל בבנו, מכאן ואילך צריך שיאמר: ברוך שפטרני מענשו של זה".

(דאָס הייסט: א הדס און א דאָרן האָבן געוואקסן איינער לעבן דעם אנדערן; ווען זיי זיינען אויסגעוואקסן און אויפגע־בליט, האָט דער הדס פארשפרייט זיין דופט און געשמאקן גערוך און דער דאָרן — זיין דאָרנשטרויך. אזוי איז אויך געווען מיט יעקבן און עשון. ביז דרייצן יאָר גייען זיי ביידע אין חדר און קומען אהיים צוזאמען צוריק; אָבער נאָך דרייצן יאָר גייט יעקב אין בית המדרש און עשו אין די געצן הייזער. אויף דעם זאָגט ר' אליעזר, ביז דרייצן יאָר דארף א פאָטער אויפפאַסן אויף זיין זון, דערנאָך דארף ער זאָגן געבענטשט איז דער, וועל־כער האָט מיך באפרייט פון זיין שטראָף).

אָ, ליבער גוטער פאָטער! ביז יעצט ביסטו געווען פאר־אנטוואָרטלאך פאר מיינע טאָטן און אויף דיינע פלייצעם פלעגט פאלן די לאַסט פון מיינע זינד, ווי צוויי גוטע מלאכים פלעגסטו, צוזאמען מיט מיין טייערע מוטער, פירן מיך און באגלייטן מיך אויף מיין לעבנס-וועג; אלע מיינע וואונטשן פלעגט איר דער־פילן, אלע מיינע פארלאנגען פלעגט איר נאָכגעבן און אלע מיינע באַדערפנישן פלעגט איר מיר פאַרשאפן. גלויבט מיר, טייערע עלטערן, אז כאָטש איך בין נאָך יונג, דאָך פארשטיי איך זייער גוט ווי צו שעצן אייער ליבע און אייער איבערגעבנהייט צו מיר. אבער איך בין נאָך יעצט נישט אימשטאַנד צו באלוינען אייך זאָגאר פאר א קליינעם טייל פון אייערע חסדים.

אָבער איין זאך זאָג איך אייך צו: איך וועל זייער אכטן

career of these two boys is likened unto a myrtle and a thistle which grew together; when they grew up and blossomed each gave out his respective aroma. Even so, during the entire period of thirteen years, both Jacob and Esau, went together to school; after thirteen years Jacob went to the houses of learning and Esau went to the houses of idolatry. Rabbi Eliezer said: Up until thirteen years it is necessary for a father to pay constant attention to his son; from then onward it is necessary for him to say: "Blessed be He who acquitted me from being punished for the sins of this one."

Now, my dear father! Till now you were responsible for my actions and upon your shoulders fell the burden of my sins. Like unto two good angels, you and my dear mother, led me and followed me on my life's path; all my wishes were fulfilled; all my wants were supplied, and all my needs were provided. But, my dear parents, despite the fact that I am still young, I understand very well how to value your loving devotion to me. It is only that as yet I am unable to offer you compensation even in part for all of your lovingkindness.

One thing I promise you: I will honor well the duties

די פליכטן, וואָס דער היינטיקער טאָג לייגט אויף מיר ארויף. די פאראנטוואָרטלאכקייט, וואָס איך האָב היינט איבערגענו־מען, וועל איך שטענדיק האָבן אין זינען אזוי ווי יעקב אבינו אויף וועלכן דער מדרש זאָגט, אז אויך נאָך דרייצן יאָר פלעגט ער גיין אין די בתי כנסיות ומדרשות, דאָס הייסט ער פלעגט לערנען פלייסיג און זיין צוגעבונדן צו זיין פארגאַנגענהייט, — אַזוי וועל איך אויך נישט אָפּטרעטן פון דעם וועג, וואָס איר האָט מיר אָנגעצייגט. וואו איך וועל זיין, וועט אומעטום קלינגען אין מיינע אויערן, ווי א געטלאכע שטימע עברי אנכי! איך בין אַ איד! מיט לייב און זעלע וועל איך זיין צוגעבונדן צו אונדזער גרויסע נאַציאָן, צו אונדזער וואונדער־שיינער און טיף טראַ־גישער פארגאנגענהייט, צו אונדזערע טיף־זיניגע טראַדיציאָנען און צו דער גאנצער אידישער לערע.

צוזאמען מיט אונדזער פאָלק וועל איך טראָגן דעם גרויסן היסטאָרישן פעקל צרות, פון וועמענס שווערקייטן עם בייגן זיך אָפּט, נישט ווילנדיק, די שטאָלצע קעפּ פון די מכבי'ערם איי־ניקלאך און צוזאמען ווידער מיט דעם פאָלק וועל איך שטרעבן און האָפן, האָפן און שטרעבן צו אַ בעסערע און ליכטיקערע צוקונפט.

איך וועל שטענדיק ליב האָבן אונדזער נאַציאָנאלע שפּראך, די שפּראך פון אונדזערע נביאים, די העכסט פּאָעטישע שפּראך, וועמענס מוזיקאלישער דיאלעקט האָט אמאָל באַצויבערט דעם אַלטן לבנון און ירדן, און וועלכער לעבט יעצט ווידער אויף אין די גלות לענדער און איבערהויפּט אין ארץ ישראל, וואו אונדזער אלטער שטערן איז פארלאָשן געוואָרן און וואו א נייער שטערן גייט אויפסניי פאר אונדז אויף...

אייך, ווערטע געסט, דאנק איך פון טיפן האַרצן פאר די פריינדשאַפט און פאר דער ערע, וואָס איר האָט געצייגט היינט

which this day imposes upon me. The responsibility which I have assumed this day, I will constantly have in mind, even as Jacob our father, as it was pointed out before, continued to frequent the synagogues and houses of learning even after his thirteenth year so as to be diligent in his studies and connected with his past, so will I not deviate from the path which you have pointed out to me.

Wherever I will be, my ears will hear the ringing sound of a Godly voice saying: "I am a Hebrew! I am a Jew!" With body and soul I will be tied to our great nation, to our amazingly beautiful and, at the same time, tragical past, to our soul-penetrating traditions and to the entire system of Jewish learning.

Together with our people I will carry the historic pack of troubles whose weight, at times, bent unconsciously even the proud heads of the descendants of the Maccabees, and together with them, I will strive and hope, hope and strive for a better and brighter future.

I will always love our national language, the language of our prophets, the most exalted poetic language, the musical sound of which at one time fascinated the ancient Lebanon and Jordan, and which is now being reborn in the lands of exile and more particularly in Eretz Yisrael, where our ancient star was set, and where a new star now appears to glorify us once more.

I thank you, worthy guests, from the bottom of my heart, for the friendship and honor that you have shown

מיינע עלטערן און מיר. איך פארזיכער אייך, אז איך וועל אנ־
ווענדן אלע מיינע קרעפטן אום צו זיין א טרייער און ווירדיגער
מיטגליד פון אונדזער גייסטרייכער אומה, ווען פאן איך וועל
מיט שטאלץ טראגן ביז מיין לעצטער מינוט, און וועמענס כבוד
וועט זיין — מיין קדשי קדשים, וועלכן איך וועל שטענדיק זיין
באריים צו באשיצן מיט מיין מארך און בלוט, זאגאר מיט מיין
לעבן.

---

this day to my parents and myself. I assure you that I will endeavor all my efforts to be a loyal and worthy member of our spiritual nation, whose flag I will carry with pride until my last minute, and whose honor will be to me the Holy of Holies, and whom I will ever be ready to protect with my brain and blood even with my life.

---

# דרייצנטע דרשה.

ליבע עלטערן און ווערטע געסט!

ווען איך שטיי יעצט פאר אייך ביי די געגרייטע טישן, איך זע מיינע ליבע עלטערן, אונדזער משפחה, פריינט-געסט, אלע זיינען פריילאך, יום-טוב׳דיק און אלעם איז פאר מיין כבוד. וואָס האָט דאָס אלץ מיטגעבראכט?

דאָס איז נאָר ווייל איך ווער היינט גערופן מיט א נייעם נאָמען — בר מצוה.

היינט איז מיר דערפילט געוואָרן דרייצן יאָר, און איך האָב אָנגעטאָן אויף מיין קאָפּ און אויף מיין האנט די תפלין.

מיט די אָפּגעלעבטע דרייצן יאָר ווערט פארשוואונדן פון מיר א חלק לעבן: די יוגנט.

ביז היינטיקן טאָג האָב איך געלעבט א פרייען לעבן, פאר-בראָכט — ווי קינדער דארפן לוסטיק פארברייגגען. די יאָרן זיינען נישט אריינגענומען געוואָרן אין רעכענונג פון אַ זעלבסט-שטענדיקן לעבן, ווייל איך בין ביי אלעמען געווען פאררעכנט אלס קינד.

פון היינטיקן טאָג אָן און ווייטער טרעט איך, אָבער, אריין אין אַ נייע וועלט, אין וועלכער איך מוז שוין לעבן זעלבסט-שטענדיק גלייך מיט די עלטערע מיטגלידער פון אונדזער פאָלק.

איך נעם אויף זיך אַ גרויסע לאסט פון מצות און בין מחויב זיי צו היטן ווי די תורה האָט געבאָטן.

אויסער אלע מצות האָב איך פון היינט אָן די תפלין אויף

## SPEECH XIII

Dear Parents and worthy guests: As I stand here before you, with tables set, around which I behold my dear parents, members of our family, and friends as guests, all of whom are happy, in a holiday mood, all of which is prepared in my honor. What caused all this?

This is only because to-day I am called by the name of Bar Mitzvah.

To-day I rounded out thirteen years, and I have put on phylacteries on my arm and upon my head.

With the thirteen years, which I have already lived, disappears a part of my life, my childhood.

Till this day I have lived a careless life, entertained myself as children do spend their time, lustily. Those years are not included in the reckoning of a self-relying life, because I was considered by everybody a mere child.

But from this day onward I step into a new world in which I must lead a life of self-reliance, alike with the older members of our nationality.

I assume a heavy burden of commandments, and I am obliged to observe them even as the Torah commands.

Besides all other commandments I have from this day onward, the commandment concerning phylacteries

זיך, זייער א וויכטיקער ענין. איך וויל נעמען פון אייך, גע־ערטע געסט, ערלויבניש צו ריידן א פּאָר ווערטער וועגן די וויכטיקייט פון מצות תפלין.

ווען די תפלין ליגן אויף אונדזער קאָפּ און אויפ׳ן אָרעם, איז נישט ערלויבט צו פאַרגעסן זיי אפילו א רגע.

באַטראַכט ווי די חז״ל דריקן זיך אויס:

„חייב אדם למשמש בתפלין כל שעה שלא יסיח דעתו מהם" — מען מוז טאַפּן די תפלין זייער אָפט כדי נישט אָפּ־ווענדן דעם געדאַנק פון זיי.

די דאָזיקע ווערטער פון חז״ל קענען זיך ערקלערן אַזוי: די תפלין וואָס ליגט אויפ׳ן האַנט (קעגן הארץ) און די תפלין וואָס אויפ׳ן קאָפּ (קעגן מח) לערנען אונדז, אז אלע אונדזערע געדאַנקען וואָס דאס הארץ און מח שאַפן אונז, מוזן זיין שטענ־דיק איבערגעגעבן צום געטלאַכן וואונטש. מיר זאָלן זיך נישט פארגעסן אָן אונדזערע פליכטן אפילו אויף אַ רגע.

און ווען מיר וועלן צופּאַסן דעם געדאַנק צו דער מצוה פון תפלין און ווען מיר טראָגן תפלין, נאָר טראַכטן וועגן זיי, — וועט די מצוה אונדז באשיצן פון אלע שלעכטע גזרות און פון אלערליי צרות, וואָס פיינט ווילן אויף אונדזער פאָלק ברייננגען.

דעם פאקט באשטעטיקן אונדז די חז״ל, ווי ס׳האָט פּאַסירט מיט טויזנטער יאָרן פריער, ווען דאָס אידישע פאָלק איז נאָך געווען אין מדבר.

משה רבינו האָט אויסגעקליבן פון די אידן צוועלף טויזנט מענטשן, און האָט זיי געשיקט מלחמה האלטן מיט „מדין" אלס נקמה פאר דעם גרויסן אומגליק, וואָס זיי האָבן געבראכט אויף די אידן. (ווי יעדן איז גוט באקאנט די געשיכטע פון דער תורה).

to observe, which is in itself a very important subject. I will therefore beg leave from you, worthy guests! to speak a few words concerning the importance of the commandment concerning phylacteries.

When the phylacteries are upon our arm and head, we are forbidden to forget about them even a moment.

I want you to note the expression of our sages, of blessed memory! on this subject;

"A man is obliged to feel the phylacteries every moment, so that his mind will not be diverted from them."

These words of our sages may be interpreted this wise: The phylactery which is on the arm, opposite the heart, and the phylactery which is upon the head, opposite the brain teaches us, that all of our thoughts which come from our heart and mind must ever be devoted to Godly desires, so that we shall not forget our duties even a moment.

And, when we will compare our thoughts to the commandment concerning phylacteries, and when we will have the phylacteries on ourselves we will think only concerning them, then will this commandment protect us from all evil decrees and from all kinds of persecutions which our enemies are ever plotting against our nation.

This is supported by our sages, based upon an event which came to pass thousands of years ago when the Jewish people were still wandering in the Desert.

Moses, our Master, selected of among all of the Jewish people twelve thousand men, whom he sent to engage in battle against the Medionites, to take revenge for having brought a great misfortune upon the Jewish people by enticing them to commit unspeakable sins.

די קליינע געמיינדע, וועלכע האָט געקעמפט מיט מדין, האָבן איינגאנצן זיי פארניכטעט און צערויבט די גרויסע פאר־מעגנס פון מדין, דערציילן אונדז חז״ל, אז דער גרויסער נצחון, וואָס די ביסעלע אידן האָבן געהאט איבער די מדינים, איז גע־קומען נאָר מחמת די מצוה פון תפלין — „שלא הקדים אחד מהם תפלין של ראש לתפלין של יד״ (זיי האָבן נישט אָנגעטאָן פריער דעם של ראש פאר דעם של יד).

דער געדאנק פון חז״ל דערקלערט זיך אזוי:

אפילו ווען די אידישע שטרייטער זיינען געווען אין דער גרעסטער סכנה אויף דעם שלאכט־פעלד, אפילו ווען זיי זיינען געווען ארומגערינגלט מיט שונאים פון אלע זייטן — פונדעסט־וועגן האָבן זיי נישט מבטל געווען די מ צ ו ת ת פ ל י ן, און נאָך מער, די געדאנקען זיינען ביי זיי אזוי געווען קלאָר, אַז זיי האָבן נישט פאַרביטן דעם של ראש פאר דעם של יד. זיי האָבן גוט באטראכט, וואָס די תפלין באדייטן, שלא יסיח דעתו אף רגע (ניט פארגעסן אפילו איין רגע) אז די מחשבות און געדאנקען מוזן זיין איבערגעגעבן צו גאָטס וואונטש.

דאָס איז זיי בייגעשטאַנען צו האָבן דעם נצחון אויף זייער זייט.

פון די דערמאנטע ערקלערונגען פון חז״ל דארפן מיר אויך אָפלערנען צו האלטן די מצוה פון תפלין טייער און הייליג. ווען מיר טראָגן די תפלין אויף זיך, טאָרן מיר נישט פארגעסן די הייליקייט פון דער מצוה. דאמאָלסט וועט די מצוה אונדז אין יעדער צייט באַשיצן, ווי עס האָט פאסירט מיט אונדזערע על־טערן אין מדבר.

נאָך דער ערקלערונג פרייט מיר מיין הארץ היינטיקן טאָג פון מיין בר מצוה, וואָס איך האָב אָנגעטאָן די תפלין, גלייך מיט

That small army, which fought against the Medionites succeeded in completely routing the enemy, and in capturing a great fortune in booty. Our sages declare, that the great triumph of that small army was due solely to the commandments concerning phylacteries, saying: "Not one of the army put on the phylactery upon the head, before putting on the phylactery on the arm."

The thought of our sages in making this observation may be interpreted to mean: that even when the Jewish warriors were in the greatest of danger upon the battlefield, even when they were surrounded by enemies on all sides, they did not avoid the commandment concerning phylacteries. Moreover, their minds were so clear that they have not mistaken the phylactery of the head for that of the arm. They have full well considered the meaning of the phylacteries, and have not diverted their minds from them even one moment, so that their minds and thoughts were devoted to God's wishes.

That was in their favor to win the victory on their side.

To us the declaration of our sages, of blessed memory! concerning this commandment conveys a great lesson, and that is, to keep the commandment concerning phylacteries dear and sacred. When we have the phylacteries upon us, we must not forget the sacredness of the commandment. Then will the commandment protect us at all times, even as it happened to our forefathers in the wilderness.

In view of this declaration of our sages, my heart is filled with joy on this day of my Bar Mitzvah, because I have put on the phylacteries alike with all members of

אַלע מיטגלידער פון אונדזער פאָלק, און איך שטאָלציר מיט דעם נאָמען איד, וואָס איך קריג היינט.

איך פארהאָף אָפּצוהיטן די מצוה פון תפלין און אַלע אַנדערע מצות, איך זאָל קענען גערעכנט ווערן צווישן די וויכטיקע מענטשן פון אונדזער פאָלק.

איך גיב אָפּ מיין ברכה מיינע עלטערן, פאר זייער גוטס, וואָס זיי האָבן מיט מיר געטאָן די גאנצע דרייצן יאָר, און פאר די גוטס, וואָס זיי וועלן ווייטער ממשיך זיין צו טאָן.

איך דאַנק אויך אלע ווערטע געסט, וועלכע זיינען געקומען נעמען אן אנטייל אין מיין שמחה. — איך ווינטש אַלעמען, אז מיר זאָלן אלע זען דעם גליק פון אונדזער פאָלק, מיר זאָלן קומען אין אונדזער לאנד בקרוב. אמן.

---

our people. In addition thereto I feel the pride of the name Jew which I receive to-day.

I hope to be able to observe the commandments concerning phylacteries as well as all other commandments, so that I should be counted in among the important people of our nationality.

And now I desire to bestow my blessing upon my parents, for all the good that they have rewarded me during the last thirteen years, and for the good which I anticipate they will continue to reward me.

I also desire to express my thanks to all worthy guests who came to share in my joy. I wish that we all may live to see the good fortune of our nation, and that we all should return in the near future to our Holy Land, Amen.

---

# פערצנטע דרשה.

ווערטע פארזאמלטע!

איר האָט אונדז באערט און געקומען נעמען אן אנטייל אין אונדזער שמחה, מיין שמחת בר מצוה. איך דאנק אייך הערצלאך פאר די פריינטשאפט. זאָל גאָט געבן, דאָס מיר זאָלן אייך קענען אָפּדאנקען מיט אונדזער אנוועזנהייט אויף אייערע שמחות.

איך ווענד זיך יעצט צו אייך, מיינע ליבע עלטערן, איר האָט מיך אויפגעצויגן צו דיזן הויכבאדייטענדן טאָג. דורך אייער מי, דורך אייערע זאָרגן פאר מיר, בין איך אזוי ווייט געקומען. מיט די הילפע פון מיינע גוטע לערער, וועלכע איר האָט מיר אימער פארשאפט, פארשטיי איך צו שעצן דעם נאָמען ישראל, וועלכן עס טראָגט אונדזער פאָלק אין אלגעמיין, און יעדער איינציקער איד באזונדער.

דאָס איינציקע, וואס איך ווינטש מיר יעצט איז, דאָס דער אלמעכטיקער זאָל מיר געבן די מעגלאכקייט אייער וואונטש אימער אויסצופירן און שטענדיק בלייבן טריי דעם נאָמען ישראל, דעם פאָלק ישראל און דער תורת ישראל.

היינט איז מיין בר מצוה. דאָס הייסט איך ווער איינער וועלכער מוז טאָן מצות. איך בין שוין מער נישט קיין קינד נאָר א דערוואקסענער. פון היינט אָן בין איך אליין פאראנטווארטלאך פאר אלעם וואס איך טו. פון היינט אָן ווער איך באטראכט אלס א פאָלשטענדיגער איד. איך גיב אייך מיין עהרען וואָרט, מיין ערשטן פאַרשפרעכן זייט מיין לעבן, נישט אויפצוגעבן מיין אויפגאבע אלס אידיש קינד און זון צום פאָלק

## SPEECH XIV

Worthy Assembly: You have honored us in coming to share our joy, the joy of my Bar Mitzvah. I thank you heartily for the friendship. May God grant that we be able to reciprocate thanks to you by our' presence when you will have festivities.

I now turn to you, my dear parents! You have reared me up till this highly-significant day. Through your efforts, through your constant care over me, I have been able to reach this far. With the help of the good teachers, whom you have always engaged for me, I am now able to value the name Israel, which is the general name of our people, and the particular name of every individual Jew.

My only wish now is that Almighty may give me the possibility ever to carry out your wish, ever to remain faithful to the name Israel, to the people of Israel, and to the Torah of Israel.

To-day is my Bar Mitzvah. That means I become one who is obliged to fulfill the commandments. I am no longer a child, but an adult. From this day onward I alone carry the responsibility for everything I do. From this day onward I am considered a full-fledged Jew. I give you my word of honor—the first promise in my life—never to abandon my mission as a child of the Jewish

ישראל, צו פאָלגן אלץ, וואס עס פאָדערט זיך פון א אידן, צו ליבן מיין פאָלק און צו פאָלגן זיינע געבאָטן, צו דאנקען אימער גאָט, וואס איך בין באשאפן געוואָרן אַ איד, און אייך, ליבע עלטערן, וואָס איר האָט מיך צו דעם צושטאַנד געבראכט.

אין דעם טאָג, וואָס איך טרעט אריין אין דער אידישער אַרמיי, בין איך געוואָרן אויך איינער פון די טרעגער פון דעם אידישן פאָלק. איך וועל מיט ערע און שטאָלץ שטענדיק פאַר-היילינגן אונדזערע אמת׳ע פרינציפּן, אָפּהיטן אַלץ וואָס עס איז אונדז פארזאָגט און באַאָבאכטן — וואָס עס איז אונדז פאַר-געשריבן.

דאָס אַלעס נעם איך היינטיקן טאָג אויף מיר אָן, צוגלייך מיט אלע מיינע גלויבנס-ברידער און גאָט זאָל מיר דערצו העלפן. אמן.

---

people and as a son to the people of Israel, ever to obey everything which a Jew is called upon to perform, to love my people and to carry out his charges, to give thanks unto God because I was created a Jew, and to give thanks to you my dear parents who have brought me to this station in life.

On this day when I enter the ranks of the Jewish army, I am happy to be one of the standard-bearers of the Jewish people. I will continue to enshrine, in honor and in glory, our true' principles, to observe everything which we must do, and everything which we must not do, even as it is ordained in Holy Writ.

All of this I assume this day, alike with all my brethren, and may God help me therein, Amen.

# פופצנטע דרשה.

מיינע ליבע עלטערן און געערטע געסט!

שוין אייניקע טעג ווי איך זע מיינע עלטערן און אייניקע פון אונדזערע פריינט זיינען באַשעפטיקט אין גרייטן זיך צו אַ שמחה. ווען איך האָב געפרעגט: וואָס איז פאר אַ פּאַרברייטונג ביי אונדז? האָט מען מיר געענטפערט: — דעם טאָג ווערט מיר דערפילט דרייצן יאָר און איך ווער בר מצוה.
און דעם טאָג האָב איך ריכטיק דערוואַרט.

אין דער פרי בין איך מיט מיינע עלטערן געגאַנגען אין שול דאווענען. דאָרט האָבן אלע אויף מיר געקוקט, ווי אויף דעם העלד פון טאָג, מען האָט מיך אויפגערופן צו דער תורה. איך האָב אליין געלייענט די פרשה און אין נביא די הפטרה. גוטע־פריינט האָבן מיך געבענטשט און אין מיין נאָמען געשיינקט אויף װעלטלאכע זאכן.

ביי אַזאַ גרויסע שמחה דערלויבט מיר, געערטע פאַרזאמלטע, צו זאָגן אַ פּאָר ווערטער וועגן דעם טאָג, וואָס איך ווער אין. אים גערופן בר מצוה, ווען מיר איז דערפילט געוואָרן דרייצן יאָר.

היינט גיי איך אריבער דעם גרענעץ פון מיין יוגנט, אין וועלכן איך האָב געלעבט די קינדישע יאָרן פריי און לוסטיק, צוזאמען מיט מיינע יונגע חברים. איך האָב, ביז דעם טאָג, נישט באדארפט אָפּגעבן קיין רעכענונג פון אלע מיינע מעשים. איך האָט ביי מיר קיין מענטש ניט געפרעגט, וואָרום טו איך אַזוי? ווייל ביז היינטיקן טאָג איז פאר מיר געווען דערלויבט אַלץ צו טאָן. איך בין געווען פריי מיט מיין ווילן. ביז דעם טאָג

## SPEECH XV

My dear parents and worthy guests: Since the last few days I have observed my parents and some of our friends being busy preparing themselves for a festival. When I asked: "What is this preparation for?" I received the reply: "The preparations are against the day when I will have rounded out thirteen years and will be Bar Mitzvah."

And now I have reached that much-expected day!

In the morning I have attended synagogue in company with my parents. Everybody there looked upon me as the hero of the day. I was called up to the Torah. I read a chapter from the Torah, and from a book of the Prophets, I read the portion of the Prophets. Good friends bestowed blessings upon me, and in my name they have distributed alms for worthy causes.

On such a great occasion of joy, permit me, worthy assembly, to say few words concerning the significance of the day on which I am called Bar Mitzvah, when I have rounded out thirteen years of my life. To-day I cross the border of my childhood, during the time of which I lived my childish years, carefree and mirthful, together with my playfellows. Up until this day I had no need to render an accounting of all my deeds. Neither did any man ask me why are you doing this or that. Because up till this day everything was permissible to me. I was free to exercise my will. Until the day of his Bar

(פון בר מצוה) ווערט דער מענטש גערעכנט נאָך גאָר נישט מיט דעם פולן פאַרשטאַנד. ער איז פאַררעכנט, ווי נישט אנט־וויקלט מיט זיינע געדאנקן, ווייל ביי א מענטשן לעבט דער יצר הרע פון געבאָרן אָן און צוליב דעם קלערט נישט דאס קינד צו גיין אין דעם גלייכן וועג, וועלכער פירט צו די געט־לאכע געפילן.

אָבער ווען ס׳קומט שוין דער טאָג, ווען ס׳ווערט דער־פילט דרייצן יאָר און דאָס קינד ווערט שוין גערופן בר מצוה, ווערט אין אים אריינגעגעבן דער י צ ר ט ו ב. ס׳ווערט איין אים דערוועקט גוטע געדאנקן מיט הויכע געפילן, וועלכע בילדן אים צו זיין אָן אויסגעצייכנטער איד צו גאָט און צו לייט. צו ארויפנעמען אויף זיך דעם לאַסט פון תורה ומצות.

מיט די ריינע געפילן, מיט וועלכע ס׳ווערט באשאַנקען דאָס קינד אין דעם טאָג פון זיין בר מצוה, טרעט ער אויס פאר זיך אַ גלייכן און אַ רעכטן וועג, פון תורה ואמונה, אין וועל־כע ער קען גיין זיין גאנצן לעבן אָן אַן אָפּהאלט. ער מוז וויסן, אַז פון דעם טאָג אָן און ווייטער, דאַרף ער שוין אינגאנצן פאַר־געסן פון זיינע קינדישע יאָרן. ער דאַרף אַוועקוואַרפן אלע אומ־פּאַסנדע אויפפירונגען, ער דאַרף אריינטרעטן אין גאָר א נייע וועלט, אוועקשטעלן די טאַטן און מעשים אויף די גרענעצן פון צדק, יושר, חכמה, יראת, א. אַז. וו.

דאָס אלעס דערקלערן אונדז אונדזערע חכמי המדרש אין קורצע פראזן: טוב ילד מסכן, זה יצר טוב. עס איז בעסער פאר דעם מענטשן האָבן דעם ילד מסכן, דעם אָרימן קינד, דעם יצר טוב. פאַרוואס רופט מען אים קינד? — ווייל ער קומט צום מענטשן נאָך אין דעם דרייצנטן יאָר פון בר מצוה, און פאר וואָס רופט מען אים דער אָרימער? — ווייל נישט אלע פאָלגן

Mitzvah, a child is not considered of a ripe mind, but, on the other hand, is reckoned as one yet undeveloped in his thoughts. And, because evil lodges in man's heart from his birth, the child does not consider following the straight path which leads to Godly thoughts.

But on the arrival of the day, when the child rounds out his thirteenth year and is called Bar Mitzvah, good penetrates his heart. In him are then awakened good thoughts and exalted feelings, which educate him to be a faithful Jew to God and mankind, to assume the burden of the Torah and its commandments.

With the pure thoughts that the child is endowed on the day of his Bar Mitzvah, he paves for himself a straight and righteous path, consisting of the Torah and religion which he may follow all of his life without interruption. He must know that from that day onward he is to abandon his childish years, forsake all unbecoming conduct, and enter in an entire new world, there to set up actions and deeds upon the boundary of righteousness, justice, wisdom, fear of God, and respect for mankind.

These thoughts are conveyed to us by the sages of the Midrash in commenting upon the verse: "Better is a poor and wise child, than an old and foolish king." They declared: the "poor and wise child" is the good that comes into man's heart, and the "old and foolish king" refers to the evil which enters man's heart. He is called "young" because the good penetrates man's heart when he is still young, on the day of his Bar Mitzvah. He is called "poor" because not all follow the

אים, וואס ער הייסט. און ווארום רופט מען אים חכם? — ווייל ער בילדעט דעם מענטשן, ווייזט אים ווי צו גיין אין דעם גלייכן וועג פון תורה ואמונה.

פירט אוים דער מדרש: ממלך זקן וכסיל (בעסער פאר דעם אַלטן, פאַרנאַרטן קעניג) זה יצר הרע.

וואָס רופט ער זיך מלך? — ווייל אלע פאָלגן אים וואָס ער הייסט. ווארום רופט מען אים זקן? — ווייל ער ווערט אריינגעגעבן אין מענטשן פון געבאָרן אָן. ווארום רופט מען אים כסיל? — ווייל ער פארפירט דעם מענטשן אין דעם שלעכטן וועג, און ער זעט נישט ווי אָפּצוהיטן זיך ציים לעבן.

די דערקלערונג פון דעם געדאַנק געפינען מיר אין תלמוד (סנהדרין צ"א). דער קעניג אנטנינוס פון די רוימישע קיסרים, אַ גוטער פריינט פון רבינו הקדוש (שפּעטער האָט ער זיך מגייר געווען) האָט געפרעגט ביי רבי: פון ווען אָן ווערט אריינגע־געבן אין דעם מענטשן דער יצר הרע? — האָט ער אים גע־ענטפערט, — פון דער צייט וואס דער מענטש ווערט באַ־שאַפן. האָט דער קעניג געפרעגט: — לויט דיין ערקלערונג קען דאָך נאָך דאס קינד מיט דער קראפט פון יצר הרע א שטויס געבן דער מוטער און ארויסגיין פון איר? — אַלזאָ נאָך מיין מיינונג — האָט דער קעניג געזאָגט — ווערט דער יצר הרע אריינגעגעבן אין מענטשן פון דעם טאָג וואס ער ווערט געבאָרן. — האָט רבי מודה געווען צו דער דערקלערונג פון אנטנינוס און האָט נאָך א ראיה געבראכט פון דעם פסוק לפתח חטאת רובץ: פון דער ערעפענונג פאר דעם מענטשן דער וועלט — איז גלייך חטאת רובץ, באלאַגערט דער יצר הרע דעם מענטשן.

אַלזאָ, ליבע עלטערן און געערטע געסט! איך בין זייער צופרידן פון היינטיקן טאָג — אין וועלכן איך רוף זיך אָן בר־

good. He is called "wise" because he shows man how to follow the straight path of the Torah and religion.

On the other hand, the evil is called "king," because everybody follows him; he is called "old," because he enters man's heart at his birth, thus being older than the good which enters man's heart at the age of thirteen; he is called "foolish," because he misleads men and points out to him the evil path, wherein he is unable to see how to watch his life.

This interpretation we also find in the Talmud (Sanhedrin 91), saying: "King Anthony, one of the Roman Emperors, a good friend of our Holy Master, Rabbi Judah Hanashi, who, in later years, become a proselyte, asked of our Holy Master: Whenceonward does evil appear in man? From the moment of man's creation, answered our Holy Master. The King then again asked; if it be so, the mother might be in danger as a result of the evil within the child. To my mind, said the Emperor, Evil penetrates man's heart at his birth." To this sentiment our Holy Master confessed, and even supported it by quoting authority from the Torah wherein it is said: "Sin lieth at the door," which means, that evil overtakes man the moment he enters this world.

Now, dear parents and worthy guests! I am very much pleased with this day in which I am called Bar

מצוה, און עס ווערט מיר צוגעטיילט דער יצר טוב, וואָס רופט זיך חכם. ער וועט געווים מיך לערנען דעם גלייכן וועג, אין וועלכן איך זאָל גיין דעם גאַנצן לעבן, ווערן איינער פון די אויסגעצייכנטע מיטגלידער פון פאָלק ישראל.

איך באדאנק אלעמען, וואס איר האָט באערט מיך מיט'ן קומען נעמען אַ חלק אין מיין שמחה.

איך ווינטש אייך אלעמען איר זאָלט זיך פרייען אויף די שמחות פון אייערע קינדער.

---

Mitzvah, when good enters into my heart, the good which is referred to as a "poor and wise child." From it I will certainly learn to recognize the right path which I will follow my whole life and become one of the distinguished members of the people of Israel.

I thank you all for honoring me by your presence and sharing in my joy.

I wish you all to rejoice at the festivities of your own children. Amen.

---

# זעכצנטע דרשה.

ליבע עלטערן און האָכגעשעצטע געמיינדע!

ס'איז שוין אן אלטער, הייליקער מנהג ביי אידן, אז ווען אַן אינגל ווערט דרייצן יאָר אלט ווערט ער בר מצוה. דאָס הייסט, ער ווערט ערקלערט אלס מאַן, ער ווערט ערקלערט אלס זעלבסטשטענדיק און מאָראַליש פאראנטוואָרטלאך נישט נאָר פאר יעדער זאך, וואָס ער טוט, זאָנדערן אויך וואָס ער זאָגט אַרויס.

בר מצוה הייסט — דער זון פון אידישע געבאָטן, דער זון פון אידישע געזעצן, א פאָלשטענדיקער מאַן, וועלכער נעמט אויף זיך די פליכט אויסצופאָלגן אלע געבאָטן, אלע באַפעלן פון אונ־דזער הייליקע לערע פון אונדזער הייליקער תורה.

בר מצוה הייסט אלזאָ נישט מער טאָן, זאָגן אוןריידן ווי אן אומוויסנדעס קינד, זאָנדערן ווי א מאַן, וועלכער ווייס און קען זיינע פליכטן צו זיך אליין, צו זיינע עלטערן, צו זיינע פאר־וואנדעטע און גוטע פריינט און צו אַלע אַנדערע מענטשן, צו אַלע בירגער פון לאנד.

איינער פון די הייליקסטע געבאָטן פון אונדזער תורה איז: כבד את אביך ואת אמך, האלט ערלאך דיין פאטער און דיין מוטער. זיי האָבן געזאָרגט פאר דיר ווען דו ביסט געווען קליין, שוואַך, אומבאהאָלפן; זיי האָבן געוואכט איבער דיר און נישט דערשלאָפן קיין נעכט ווען דו ביסט געווען קראנק. זיי האָבן דיך פארזאָרגט מיט אלעם גוטעס; זיי האָבן דיך דערצויגן, זיי האָבן דיר געלערנט צו זיין א מענטש און זיי האָבן געמאכט פון דיר א מענטשן. דאָס לערנט אונדז אונדזער תורה און אלע פעל־קער פון דער וועלט האָבן עס אָנגענומען.

## SPEECH XVI

Dear Parents and Distinguished Congregation: It is an old custom among the Jewish people that when a boy reaches his thirteenth birthday he is called Bar Mitzvah. That means that he is then declared to be a self-relying and morally responsible man, not alone for his actions but even for his utterances.

Bar Mitzvah means, a son of Jewish commandments, a full grown man who assumes the responsibility to carry out all charges and all commandments of our sacred teachings, of our Holy Torah.

Consequently, Bar Mitzvah means, no longer to do, or speak, as an ignorant child but as a man who knows and recognizes his duties to himself, to his parents, to his relatives and friends, to his own people and to all the citizens of the land.

One of the most sacred commandments in our Torah is: "Honor thy father and thy mother." They worried on your account when you were little, weak, helpless; they have watched over you and spent sleepless nights when you were sick. They have supplied you with everything that is good; they have reared you, they have educated you to be a man, and they have made a man of you. Such is the teaching of our Torah which was accepted by all nations.

איך פיל דעריבער, אלס מיין ערשטע, מיין הייליקסטע פליכט, יעצט אין דער געגענוואַרט פון אלע אנוועזנדע, פאַר־וואנדעטע, גוטע פריינט און גוטע באקאנטע פון מיינע עלטערן, מקים צו זיין דאס הייליקע געבאָט פון אונדזער תורה און אויס־שפּרעכן מיין איניגסטן, הערצלאכסטן דאנק מיינע ליבע עלטערן, מיין גוטן פאָטער און מיין ליבנדע מוטער, פאַר אלעם גוטעס, וואָס זיי האָבן געטאָן פאַר מיר ביז היינט, פאַר זייער געטרייער ליבע, פאַר זייער איבערגעבנהייט, פאַר זייער זאָרג פאַר מיר און פאַר אלעס, וואס זיי האָבן געליטן צוליב מיר.

יעצט, מיינע גוטע און ליבע עלטערן, פאַרמאָג איך נאָר ווערטער אייך צו דאנקען. איך האָף אָבער אַז שפּעטער וועל איך אויך זיין אימשטאַנד אייך צו געבן בעסערע באווייזע פון מיין דאנקבארקייט.

איך ווייס גאנץ גוט, אז איך בין נאָך צו יונג אום צו זיין פאָלקאָם זעלבסטשטענדיק. איך בעט אייך דארום, ליבע עלטערן, פארלאָזט מיך נישט. פירט מיך נאָך ווייטער, לערנט מיך, ווייזט מיר דעם ריכטיקן וועג אין לעבן.

איך ווייס, איך האָב אייך פיל מאָל באטריבט, געקריינקט דערמיט, וואס איך האָב אייך נישט געפאָלגט. איר האָט מיר מוחל געווען, ווייל איך בין נאָך געווען אַ קינד.

איך בין נאָך נישט געווען בר מצוה, דער זון פון געבאָט און געזעץ. איך האָב ניט פארשטאַנען, וואָס עס הייסט רעכט און וואָס — אומרעכט. יעצט, אז איך בין בר מצוה ווייס איך שוין וויפיל איך בין אייך שולדיק, און ווי איך דאַרף אייך פאָלגן און אויסהערן.

ווערטע און הויכגעשעצטע אנוועזנדע ! איך בעט אייך, נעמט

The first and most sacred duty I now feel, standing as I do in the presence of everybody here, relatives, friends, and acquaintances of my parents is, to fulfill that sacred commandment of our Torah and express my innermost and heartfelt thanks to my dear parents, my good father and my dear mother, for all the good they have bestowed upon me till this day, for their faithful love, for their devotion, for their care over me and for everything which they did for my sake.

At the present time, my dear parents, I possess only words wherewith to thank you, but I hope that at a later time I shall be able to give you better evidence of my gratitude.

I know too well that I am as yet too tender to be completely independent. I, therefore, pray to you my dear parents, do not abandon me, lead me on still further, educate me, show me the right path of life.

I know that I have very often deceived you, and caused you much worry therewith, because I did not mind you. You forgave me, because I still was a child.

I then was not yet Bar Mitzvah, a son of commandments and law. I then could not distinguish between right and wrong. Now, since I am Bar Mitzvah I realize how much I am indebted to you, and how much I ought to mind and obey you.

Worthy and exalted assembly! I pray to you, re-

מיך אויף, באטראכט מיך אלס אייער קינד. זייט מיינע פירער, מיינע וועג-ווייזער, מיינע לערער, די הויפט זאך אבער, זייט מיינע פריינט, זייט מיינע גוטע מלאכים אויף דעם שווערן וועג פון לעבן.

איך דאנק אייך פאר אייער אנוועזנהייט און איך בעט צו גאָט פון אונדזערע אור-עלטערן, אברהם, יצחק ויעקב, אז מיר אלע זאָלן זיך נאָך פיל, פיל מאָל צוזאמענקומען אויף פריינטלאכע אונטערהאלטונגען אין פרייד, גליק און פארגעניגן. איר, מיינע ליבע עלטערן, זאָלן זיין שטאָלץ מיט מיר און איך מיט אייך. אָמן.

---

ceive me in your midst, consider me as your child; be my leaders, my guides, my teachers, but above all be my friends, be my good Angels in the difficult path of life.

I thank you for your presence and I pray to the God of our forefathers, Abraham, Isaac and Jacob that we shall yet meet in friendly entertainments, where we will have joy, good fortune and pleasure. You, my dear parents, may be proud of me and I proud of you, Amen.

# זיבצנטע דרשה.

ווערטע געסט!

איך שטיי היינט פאר אייך מוטיק און שטאָלץ — אין דער פאָרם פון א נייעם מיטגליד פון אונדזער פאָלק ישראל.

היינט ווערט מיר דערפילט דרייצן יאָר און איך ווער גע־רופן בר מצוה. פון היינטיקן טאָג אָן און ווייטער ווער איך גע־רעכנט ווי איינער פון מיין פאָלק, צו היטן אלע מצות פון דער תורה, וואָס מיר אידן האָבן מקבל געווען מיט טויזנטער יאָרן צוריק אויף דעם באַרג סיני.

פון היינטיקן טאָג אָן טראָג איך אויף מיין קאָפּ און אויף מיין האַנט די תפלין, וואָס זיי זיינען דער סימבאָל פון אונדזער פאָלק. די תפלין לערנען אונדז צו פארשטיין קלאָר, אז אַלע אונדזערע געדאנקען פון קאָפּ און פון הארץ (אויף די זעלבע ערטער, וואו די תפלין ליגן) מוזן זיין אונטערדריקט צו גאָט.

די גאנצע צייט, וואָס דער מענטש איז באצירט מיט די תפלין, באדארף ער נישט פארגעסן אָן זיי אפילו א רגע. ער איז פארפליכטעט אָנווענדן אלע געדאנקען נאָר אין די וויכטיקייט פון מצות תפלין. ווען דער מענטש איז פארטיפט אין אזוינע ריינע און דערהאבענע געדאנקען, דאמאָלסט ציט ער ארויף אויף זיך פיל הייליקייט און חכמה אין א הויכע מדרגה. ער פילט זיך נאָר אין אן אויסערגעוויינלאכן אופן.

מיט דעם געדאנק לאָזט זיך דערקלערן דאָס, וואָס דער גרויסער מאן ר׳ זירא האָט געענטפערט ר׳ ירמי׳ן, ווען דער לעצ־טער האָט געזען ר׳ זירא׳ן זייער אין א געהויבענע שטימונג, מער ווי געוויינלאך, פרעגט אים ר׳ ירמי׳ — וואָס ביסטו פריילאך? האָט אים ר׳ זירא געענטפערט: — איך טראָג אויף זיך די תפלין.

## SPEECH XVII

Worthy guests: I stand before you to-day, brave and proud in the shape of a new member of our people of Israel.

To-day I have rounded out thirteen years, and I am called Bar Mitzvah. From this day onward I am considered as one of my people, obliged to observe all of the commandments of the Torah which we Jews have received thousands of years ago upon Mount Sinai.

From this day onward I put on phylacteries on my arm and upon my head, which are symbolic to our nation. The phylacteries teach us to understand clearly that all of our thoughts, of the head and heart, must be subject to the will of God.

During the time that a man is adorned with the phylacteries he is forbidden to divert his attention from them even a moment. He is obliged to concentrate all of his thoughts on the importance of the commandment concerning phylacteries. When a man is deeply absorbed in such pure and exalted thoughts he draws to himself much of holiness and wisdom of a high order. Besides he is then filled with sacredness in an extraordinary manner.

In harmony with this thought we can understand the question and answer of two great sages in Israel. "Once upon a time Rabbi Jeremiah saw that Rabbi Zira was in a very happy mood. 'Why are you so happy?' asked Rabbi Jeremiah. 'I have upon myself the phylacteries,'

גיט אונז דער רמב"ם ז"ל צו פארשטיין דעם מאמר : „אז ווען די תפלין זיינען אויף דעם מענטשן (אויף זיין קאָפּ, אויף דער האנט) איז ער ביי זיך זייער שפּל און גאָטס-פארכטיק, און איז אָפּגע־צויגן פון נארישע געדאַנקען.

פון דעם אלעס, זעען מיר גוט ארוים ווי וויכטיק און הייליק די מצוה פון תפלין איז פאררעכנט ביי אונדז אידן פון שטענדיק אָן און ווי טייער און געשעצט מיר דארפן די מצוה האלטן.

איך אויך בין זייער צופרידן היינטיקן טאָג, וואָס איך האָב אויך אָנגעטאָן די תפלין, וואס מיט זיי וועל איך קענען לייטערן מיינע געדאנקן און נישט איבערגעגעבן ווערן צו נאַ־רישקייט. מיט דער מצוה פון תפלין ווער איך גלייך מיט אלע מיטגלידער פון יידישן פאָלק, וועלכע זיינען באצייכנט מיט תורה ואמונה.

אויך וועט די מצוה פון תפלין מיך באשיצן, איך זאל זיך דערוויטערן פון אזוינע מענטשן, פאר וועמען אלע הייליקייטן פון אונדזער פאָלק זיינען איבעריק און זיי רעכענען זיך נישט מיט זיי. די דאָזיקע פרייגעזאָנענע מענטשן טרעטן אינגאנצן ארוים פון אידישן לאגער און זיינען דערוויטערט פון פאָלק.

אזעלכע מענטשן מאכן זייער נידעריק די ערע פון דאס אידישע פאָלק קעגן אנדערע נאציאָנען.

מיר, די גאָטספארטיקע אידן אָפּערן זיך פאר אונדזער תורה און אמונה ביז דעם לעצטן טראָפּן פון אונדזער בלוט. שוין טויזנ־טער יאָרן, אז מיר לײדן פיל צרות און גזירות פאר אונדזערע הייליקייטן. מיר האָבן נישט געביטן אונדזער גלויבן און ביי־געשטאַנען אין די שווערסטע צייטן, ווען מען האָט פאר אונדז געגרייט אלע מינים אינקוויזיציעס, ווען אונדזערע שונאים האָבן

answered Rabbi Zira." Maimonides in interpreting this incident says: "When a man has phylacteries on his arm and upon his head, he is overcome by humility, as a result of which he becomes God-fearing and separated from foolish thoughts."

From all of this we clearly see how important and sacred the commandments of phylacteries are considered among us Jews from time immemorial, and how dear and valuable we ought to keep these commandments.

I, too, am very satisfied that I have put on the phylacteries, through which I will be able to purify my thoughts and not be in the clutches of foolishness. With the commandments concerning phylacteries, I become the equal of all members of the Jewish people who are betokened with Torah and religion.

The commandments concerning phylacteries will also be a protection to me, to distance myself from such people to whom all sacred objects of their people are considered unnecessary and do not take them into account. Those kind of free-thinking people step out altogether from the Jewish camp and remain far away from the people.

Such people lower the dignity of the Jewish nation in the presence of all other nations.

We, God-fearing Jews, sacrifice ourselves for our Torah and religion even till the last drop of our blood. Since thousands of years we are suffering persecutions and evil decrees because we adhere to the things holy to us. We have not changed our religion, and have withstood the severest times; when all kinds of inquisitions were invented to torture us, when our enemies tore the flesh

געריסן די פלייש פון אונדזער קערפער מיט אייזערנע קאמען לעבעדיקערהייט. ווען מען האָט פון אונדז אָדערן געריסן מיר זאָלן אומבייטן אונדזער אמונה אויף א צווייטער. מיר זיינען ביי־געשטאַנען אלע נסיונות און פארבליבן שטארק און פעסט מיט אונדזער תורה ואמונה ביז היינטיקן טאָג. ס'האָבן אויף אונדז געפלייצט שטראמען פון רוישנדע ימים — און מיר זיינען נישט פארטרונקען געוואָרן. די בעסטע און שטארקסטע געווער פון אונדזערע פיינט האָבן נישט געקענט צעשמעטערן אונדזער „עוויגן פאָלק". אלע עצות, תחבולות און מיטלען, וואָס אונ־דזערע פיינט האָבן אויסגעטראכט אום אונדז אומצובריינגען פון דער וועלט — האָבן נישט געהאָלפן. מיר אידן זיינען ארויס מיט דעם גרעסטן נצחון און גלאנץ. מיר האלטן זיך פעסט ביז היינ־טיקן טאָג, נאָר ווייל מיר האָבן נישט אַרויסגעלאָזן פון אונ־דזער האנט די הויכע הערליכע פאָן פון תורה ואמונה.

דאָס קען קיינער פון אלע נאַציאָנען נישט אָפלייקענען. אלע וויסן, אז די גאנצע קראפט אונדזערע איז די תורה. דאָס איז דער סוד וואָס מיר עקזיסטירן אין די טויזנטער יאָרן פון פינס־טערן גלות און מיט דעם וואנדערן מיר ארום אין אלע ווינקלען פון דער ערד.

יעצט, מיינע ליבע עלטערן, איך דריק אוים מיין הערצלאכע ברכה צו אייך פאר אלע טובות, וואָס איר האָט מיט מיר געטאָן פון מיין געבורטס־טאָג ביז היינטיקן טאָג.

ווער איז אימשטאַנד אויסצורעכענען? — איר האָט מיך געלערנט ביז היינט דעם גלייכן וועג פון תורה ואמונה, און איך בין זיכער, אז דאָס וועט אויף מיר ווירקן שטענדיק.

אויך, מיינע געערטע לערער, אלע וועלכע זיינען דאָ אנ־וועזנד, איך דאנק אייך פאר די גוטע לערע, וואס איר האָט מיר

of our bodies with iron spikes while alive, when the veins were torn from our bodies, in order to force us to abandon our religion and embrace another, we remained steadfast. We have withstood all temptations and remained strong and firm by our Torah and religion, even this day. Streams of stormy oceans flooded us, but we were not drowned; the best and the strongest arms of our enemies could not shatter our eternal people. All advices, devices, and means which our enemies have invented in order to wipe us off from the face of the earth were of no avail to them. We Jews came out of all these with the greatest victory and triumph. We remained steadfast till this day, solely and only because we did not yield from our hand the exalted and glorified banner of our Torah and religion.

This, none of all the nations can deny. All know that our entire power is vested in the Torah. This is the secret of our existence throughout the thousands of years of the dark exile, and therewith we are enabled to wander throughout the four corners of the earth.

And now, my dear parents! I express to you my heartfelt blessing for all the good that you have bestowed upon me, from the day of my birth till this day.

But who can figure out in detail all the good you bestowed upon me? You have taught me till this day the right path of our Torah and of our religion, and I am sure that that will influence me throughout my lifetime.

You, my worthy teachers, all of you who are here, I thank you for the good teachings which you have in-

באוויזן, מיט דער זעלבער קראפט גייט ווייטער און ווירקט אויף אלע מיינע יונגע חברים, זיי זאָלן אויך טראָגן אויף זיך דעם סימ־באָל פון אלע אונדזערע הייליקייטן, זיי זאָלן נישט ארויסטרעטן פון אידישן לאגער און זאָלן נישט זיין פרעמד צום אידנטום, ס׳זאָלן געמערט ווערן יונגע צווייגן און פלאנצונגען אין אידישן גאָרטן, וועלכע זאָלן זיין באוואקסן מיט גוטע פרוכט, מיט פעסטע און שטארקעווארצלען פון תורה ואמונה. ס׳זאָל זיין ווי דער נביא זאָגט: ועמך כלם צדיקים — נצר מטעי מעשי ידי להתפאר ד. ה. דאָס אידישע פאָלק וועט זיין באַצירט מיט גאָטספּארכטיקע איינגעפלאנצטע גוטע צווייגן, וואס מיט זיי וועט מען קענען זיך באריִמען.

culcated into me. With the same power continue to influence all my young playfellows, that they, too, should carry upon themselves the symbol of our holy objects, that they should not step out of the Jewish camp and become strangers to Judaism. Let the young plants and branches in the Jewish garden be multiplied; let them grow and bear good fruit, and let the roots be derived from our Torah and religion. May it be even as the prophets said: "Thy people also shall be all-righteous, they shall inherit the land forever; the branch of My planting the work of My hands wherein I glory." Amen.

# אכצנטע דרשה.

(ווען ס׳קומט אוים חנוכה).

געערטע געסט!

צו מיין גרויסער פרייד זע איך היינט אייך אלעמען צוזאַ־מענגעקומענע נעמען אן אנטייל אין מיין שמחה פון בר מצוה, ווען ס׳איז מיר דערפילט געוואָרן דרייצן יאָר.

אויסער דעם וואָס דער טאָג איז פאר מיר אליין אַ גרויסער „פייער־טאָג" און אלע מיטגלידער פון מיין משפחה פרייען זיך מיט אים, איז נאָך מער דער טאָג וויכטיק און טייער פאר אונדז אלעמען, וואָס עס פאלט אוים אין חנוכה טעג, וועלכע זיינען ביים אידישן פאָלק זייער געשעצט און זיינען באצייכנט אלס פריילאכע טעג נאָך פון פריערדיקע דורות, שוין טויזנטער יאָרן.

אַלזאָ, ליבע געסט, איך נעם פון אייך דערלויבניש אויף אײ־ניקע מינוטן צו געבן אן ערקלערונג וועגן מיין שמחה פון בר־מצוה און אויך וועגן די וויכטיקייט פון די חנוכה־טעג, וואס אונדזער גאנץ פאָלק פרייט זיך מיט זיי.

אום נאָך מער צו פארשטיין געוואָר, וועל איך פאר אייך ברענגען א ציטאַטע פון אונדזערע חז״ל אין תלמוד, וואָס גיט אונדז א קורצע דערציילונג וועגן חנוכה.

„25 טעג אין חדש כסליו הויבן זיך אָן די אכט טעג חנוכה. אין די אכט טעג איז פארבאָטן צו קלאָגן און צו פאסטן. ווען די יונים (גריכן) זיינען אריין אין היכל (בית המקדש) האָבן זיי אומריין געמאכט אלע בוימלען, וואס זיינען דאָרט צוגעגרייט געווען אויף אָנצינדן די מנורה. אבער אז די בני חשמונאים (מתתיהו כהן גדול און זיינע זין) האָבן אָפגעהאַלטן אַ גרויסן נצחון אין דעם קאמף מיט די גריכן און זיינען אריין אין בית

